דיא

# אמתע מענשענליעבע

א זעהר שאנער און אינטערעסאנטער

## ראמאן

פון

## דאקטאר פיליפזאהן

איבערזעצט פון

## אפ"ד

הזכות נמכר לצמיתות לה' יצחק פונק בווילנא



ווילנא

שנת תרנ"ד לפ"ק

# די
# אֶמֶתֶע מֶענְשֶׁענְלִיעֶבֶּע

אַ זֶעהר שֶׁאנֶער אונ אִינְטֶערֶעסַאנְטֶער

## ראמאן

פון

## דאקטאר פיליפזאהן

אִיבֶּערְזֶעצְט פון

## אפ"ד



ווילנא

שנת תרנ"ד לפ"ק

ДИ ЭМСЕ МЕНШЕНЛИБЕ

т. е. истинное человѣколюбіе.

ВИЛЬНА. Типографія Вдовы и бр. Роммъ.
Жмудскій пер. собст. домъ № 328.
1894.

## 1.

עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען מַאי, דֶער מָארְגֶען אִיז גֶע־
וֶועזֶען שֵׁיין אוּנ אַנְגֶענֶעהם, דִיא זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אוּנ הָאט בֶּעלַייכְט מִיט אִיהרֶע שְׁטְרַאהלֶען דִיא
שְׁטָאט, אוּנ יַעֲקֹב דֶער הוֹיזִירֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף
דֶער בְּרוּק מִיט אַיין גְרוֹיסֶען בִּינְדִיל סְחוֹרָה, אַרוּם
צוּ גֶעהן אִין דִיא דֶערְפֶער וִויא זַיינֶע גֶעווֹאוֹינְהַייט
אִיז, אוֹיפִין גַאס אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען שְׁטִיל וַוייל עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען זוּנְטָאג, אִין דִיזֶען טָאג עֶרְלוֹיבֶּען זִיךְ
דִיא כְּרִיסְטְלִיכֶע אַיינְוָואהנֶער פוּן דֶער שְׁטָאט אַבִּיסֶעל
לַאנְגֶער צוּ שְׁלָאפֶען, יעקב אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאט
פַאר זִיךְ גֶעזוּנְגֶען דֶעם אֵל אָדוֹן וָואס דֶער חַזָן מייזעל
הָאט גֶעכְּמִין אִין שׁוּל גֶעזוּנְגֶען, אָבֶער עֶר אִיז אִין
זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען פֶערְטִיפְט גֶעוֶועזֶען, אַבִּיסֶעל אוּנְרוּהִיג,
זַיין הַארְץ אִיז גֶעוֶועזִין בֶּעקְלֶעמְט, דֶער לֶעזֶער וֶועט
גֶעוִוים בַּיינְיֶערִיג זַיין צוּ וִויסֶען דִיא אוּרְזַאכֶע דֶער פוּן,
אִיךְ וֶועל, אַ גְלַייךְ עֶרְצֶעהלֶען, יעקב אִיז גֶעוֶועזֶען
אַיין בָּחוּר פוּן אַיָאהר פִיר אוּנְצְוַואנְצִיג, זַיין פָאטֶער
ר׳ משה אִיז גֶעוֶועזִין אַיין הוֹיזִירֶער וִויא אַלֶע אִידִין

אִין דֶער אַלְטֶער צַייט, אָבֶער עֶר אִיז בֶּערִיהמְט גֶעוֶועזִין פַאר אַיין הוֹיפְּט עֶהרְלִיכֶען מַאן, עֶר אִיז אָבֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען אַז יעקב אִיז נָאךְ גַאנְץ קְלֵיין גֶע-וֶועזֶן, עֶר הָאט זַיין פָּאטֶער כִּמְעַט גָאר נִישְׁט גֶע-קֶענְט, נָאר זַיינֶע מוּטֶער בלומעלע הָאט אִיהם עֶרְ-צוֹיגֶען, דוּרְךְ אִיהרֶע הַאנְדְאַרְבַּייט הָאט זִיא זִיךְ אוּנ אִיהר אֵיינְצִיג קִינְד עֶרְנֶעהרְט אוּנ הָאט אִיהם גֶעלָאזְט לֶערְנֶען, אִין דִיעזֶער צַייט הָאבֶּען שׁוֹין דִיא שְׁטְרַאהלֶען פוּן דֶער אֵייראָפֵּייאִישֶׁע בִּילְדוּנְג אוֹיךְ אִין דִיא אִידִישֶׁע הַייזֶער לִיכְטִיג גֶעמַאכְט, זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען דִיא קִינְדֶער אִין דִיא שׁוּלֶען צוּ שִׁיקֶען, אוּנ אוֹיךְ יעקב אוֹיסֶער וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועזִין אִין אִידִישׁ גֶע-לֶערִינְט הָאט עֶר דִיא לַאנְדֶעס שְׁפְּרַאכֶע גוּט פֶערְ-שְׁטַאנֶען, דֶער צוּ רֶעכֶענֶען, גֶעאָגְרַאפְיֶע, וֶועלְטְגֶעשִׁיכְטֶע אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע נִיצְלִיכֶע זַאכֶן, עֶר הָאט אוֹיךְ דִיא בּוּכְפִיהרוּנְג גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען, עֶר הָאט אוֹיךְ אוֹיס גֶעאַרְבַּייט אַיין מֶעטְהָאדֶע וִויא דָאפְּפֶעלְטֶע בּוּכְ-פִיהרוּנְג אַיין צוּ פִיהרֶען אִין קְלֵיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, עֶר זֶעלְבְּסְט הָאט גֶעשֶׁעפְטְסְבִּיכֶער אִיבֶּער זַיין הוֹיזִירֶענְ-הַאנְדִיל גֶעפִיהרְט, דִיא בִּיכֶער זַיינֶען גֶעוֶועזִין נַאכְל אוּנ רֵיין, עֶר הָאט הָאפֶענוּנְג גֶעהַאט דָאס וָוען עֶר וָועט זַיין וֶוערְק אַרוֹיס גֶעבִּין וֶועט עֶר פִיל גֶעלְד

פֶערְדִינְגֶען, דַאבַּייא אִיז עֶר גֶעוֶועזִין זֵייעֶר פְרוּם אוּנ גָאטֶעסְפִירְכְטִיג, צוּ זַיין מוּטֶער אִיז עֶר גֶעוָועזִין צוּ גֶעגֶעבִּין מִיט לַייבּ אוּנ זֶעעל, אִיהר וָוארְט אִיז בַּייא אִיהם הֵיילִיג גֶעוֶועזִין, אוּנ עֶר אִיז גֶעוֶועזִין צוּפְרִיעדִין מִיט זַיין טְהֵייל, נָאר אִין דִיא לֶעצְטֶע צַייט אִיז אִין אִיהם אַיין עֶנְדֶערוּנְג גֶעוָוארִין, עֶר אִיז נִישְׁט דֶער זֶעלְבִּינֶער גֶעוֶועזִין וָואס פְרִיהֶער, דִיא לִיעבֶּע הָאט אִיהרֶע פֵּיילֶען גֶעשָׁאסִין אִין זַיין הַארְץ אוּנ הָאט אִיהם פֶערְטוּמֶעלְט, דִיא גֶעשִׁיכְטֶע אִיז אַזוֹ גֶעוֶועזִין, אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען אָרְט הָאט גֶעוָואהנְט אַיין אַלְמָנָה גאלדע מִיט אִיהרֶע טָאכְטֶער רייזעלע, אַיין מֵיידִיל פוּן אַיָאהר אַכְצֶעהן, שֵׁיין אוּנ קְלוּג אוּנ זֶעהר זִיטְטְזַאם, פִיל קֶענְטְנִיסְסֶע הָאט זִיא נִישְׁט גֶעהַאט, אָבֶּער דֶער פַּאר הָאט זִיא גֶעהַאט אַיין רֵיינֶע זֶעעל אוּנ אַיין פַיינֶעם כַארַאקְטֶער, אַיין גְרוֹיסֶע בְּרִיָה אוּנ אַיין גוּטֶע הוֹיזְווִירְטְהִין, אִיהרֶע בֶּעוֶועגוּנְג אִיז גֶעוֶועזִין מִיט גְרַאצְיֶע אוּנ חֵן, אִיהרֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט זִיא אוֹיסְגֶעדְרִיקְט מִיט גֶעשְׁמַאק, זִיא הָאט דֶעם גַאנְצֶען טָאג גֶעאַרְבַּייט אוּם זִיךְ מִיט אִיהרֶע מוּטֶער צוּ דֶער נֶערִין, אָבֶּער זִיא הָאט דָאס נִישְׁט גֶעטָאהן מִיט פֶערְדְרוּס אוּנ עֶרְגֶערְנִיס נָאר מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע שִׂמְחָה, אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעמִיהט דִיא טָאגֶע פוּן אִיהרֶע

אַלְטֶע מוּטֶער זִים צוּ מַאכֶען, אַזַא מֵיידֶעל אִיז גֶעוֶועזִין אִים שְׁטַאנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן אוּנְזֶער יעקב אוֹיף זִיךְ צוּ צִיהֶען אוּנ אִין אִיהר זִיךְ צוּ פֶערְלִיעבֶּען.

אָבֶּער מֵיינְט אִיהר אֶפְשַׁר לִיבֶּע לֶעזֶער אַז זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען בֵּיידֶע צוּ רָאמַאנְסִירֶען, לִיעבֶּעס קְוִויטֶעלַאךְ צוּ שְׁרַייבֶּען אֵיינֶעם צוּם אַנְדֶערִין, אוּנ רַאנְדֶעוואוּ צוּ מַאכֶען אַזוֹי וְוִיא הַיינְטִינֶע בַּחוּרִים מִיט מֵיידְלַאךְ מַאכֶען, חָלִילָה וְחַס, צוּ אַזֶעלְכֶע וַאכֶען זֵיינֶען זֵייא נָאךְ נִישְׁט אַזוֹי אוֹיפְגֶעקְלֶעהרְט גֶעוֶועזִין וְוִיא הַיינְטִיגֶע שְׁנֵיידֶערְקֶעס אוּנ פּוּצֶערְקֶעס, נָאר יעקב פְּלֶעגְט אָפְטֶער פַאר בַּייא גֶעהן פַאר בַּייא גאלדעס פֶענְצְטֶער, אוּנ פְּלֶעגְט גֶערִיסֶען דִיא מוּטֶער מִיט דִיא טָאכְטֶער אוּנ זֵייא פְלֶעגִין אִיהם צוּרִיק גֶערִיסֶען, אוּנ אַז רייזעלע פְלֶעגְט שְׁטֶעהֶען פַאר דֶער טִיהר פְלֶעגְט עֶר זִיךְ בַּייא אִיהר עֶרְקוּנְדִיגֶען וְואס דִיא מוּטֶער מַאכְט, אוֹיךְ הָאט אַיין צוּפַאל זֵייא בֵּיידֶען צוּ זַאמֶען גֶעבְּרַאכְט אַלֶע שַׁבָּת אִין אֵיין שְׁטוּבּ וואוּ זֵייא הָאבֶּען גֶעקָאנְט אָבְּזִיטְצֶען בֵּיידֶע אַפָּאר שָׁעָה, דִיא מוּהמֶע ריקעל אַיין אַלְטֶע בֶּעקַאנְטֶע אוּנ בֶּעלִיעבְּטֶע פְּרוֹיא אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארִין אוּנ דִיא בֶּעקַאנְטֶע פוּן שְׁטָאט פְלֶעגִין שַׁבָּת נָאךְ מִיטָאג צוּ אִיהר גֶעהן מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין, גאלדע מִיט רייזעלען

דאמ״ל                זיינען

זיינען אויך דארטין געקומען, אויך בלומע יעקב'ס מוטער איז דארטן אפט געקומען אונ דורך דיא מוטער פלעגט יעקב אויך דארטין צו געהן, אונ פלעגט זיך אונטערהאלטין מיט רייזעלען, ער האט איהר ערקלעהרט פון דער געאגראפיע, וויא פיל איינוואהנער געפינען זיך אין לאנדאן אונ אין נויארק אונ אזעלכע זאכען, שיינע געשיכטען פון תנ"ך אונ גמרא, פון דיא גריכישע פילאזאפין, אונ זיא פלעגט מיט אויגען יעדעס ווארט פערשלינגען, אונ האט גרויס רעשפעקט געהאט פאר איהם, זיא האט גערעכינט אז עס קען גאר נישט מעגליך זיין אז אזא גרויסער געלערינטער זאל וועלין מיט איהר חתונה האבען, יעקב האט אבער אלס אנדערש גערעכינט, ער האט געמיינט אז רייזעלע ווייס דאס אלץ בעסער פאר איהם נאר ער וויל ווייזין אז ער פערשטעהט אויך עטוואס, ער האט רייזעלען געליעבט פון גאנצען הערצען אבער ער איז געוועזין צו שעמהאפטיג דער מוטער צו ענטדעקען וואס בייא איהם אין הארצין איז, דיא מוטער האט אבער געהאט איין שארפען בליק, זיא האט גוט געזעהען מיט איהרע קלוגע אויגען וואס אין זיין הארץ טוהט זיך, אונ האט איהם געצוואונגען אז ער זאל איהר מודה זיין אלץ

 וואס

וָואס אִין זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען דְרֶעהט זִיךְ אַרום, עֶר הָאט
אִיהר מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען אַז עֶר לִיעבְּט רייזעלען אוּנ דֶענְקְט
מִיט אִיהר חֲתוּנָה צוּא הָאבִּין, דִיא מוּטטֶער
הָאט אִיהם גֶעלַאסֶען גִיעֶנְטפֶערְט, אִיךְ וֶועל דִיר
גִישְׁט לֵייקֶענֶען דָאס רייזעלע אִיז אַ אוֹיסְגֶעצֵייכֶנְט
מֵיידִיל, זִיא קֶען אִיהר מַאן בֶּעגְלִיקֶען, אָבֶּער דָאךְ
קֶענְסְטוּ זַיין אוּנְגְלִיקְלִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט מִיט אִיהר
חֲתוּנָה הָאבֶּען, גאלדע אִיז אַיין אָרֶעמֶע פְּרוֹיא,
רייזעלע מוּז אַרְבַּייטֶען אוֹיף דָאס שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט,
קַיין גְרָאשֶׁען גֶעלְד וֶועט זִיא דִיר נִישְׁט קֶענֶען גֶעבֶּען,
דוּא בִּיסְט אָבֶּער אוֹיךְ אַיין אָרִימַאן, הָאסְט נִישְׁט
קַיין אֵייגֶענֶעם קַאפִּיטַאל, דוּא בִּיסְט נָאךְ שוּלְדִיג
הֶערְרִן הערץ 66 טְהַאלֶער מִיט 10 גְרָאשִׁין, אוּנ פוּן
וַואנֶען קֶענְסְטוּ דָאס בֶּעצָאהלֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט
אַיין פְּרוֹיא דַארְפִין עֶרְנֶעהרִין אוּנ וֶועסְט נָאךְ דִיא
אָרְמֶע גאלדע אוֹיךְ צוּא זִיךְ מוּזִין נֶעהמֶען, דוּא
וֶועסְט אַיין בַּאנְקְרָאט בְּלַייבִּין, דַיין שֵׁיינֶעם
נָאהמֶען פֶּערְלִיערֶען אוּנ דוּא וֶועסְט נָאךְ דַיינֶעם
עֶהְרְלִיכֶען פָאטֶער שַׁאנְד אִין קֶבֶר מַאכִין, דוּא מוּסְט
דַיין פְּלַאן אוֹיפְגֶעבִּין, רייזעלע וֶועט קְרִיגֶען אִיהרֶען
בֶּעשֶׁערְטִין אַ רַייכִין מַאן וָואס וֶועט אִיהר גְלִיקְלִיךְ
מֶאכֶען אָבֶּער דוּא מוּסְט נֶעהמֶען אַ וַוייב מִיט גֶעלְד,

דאס'ל דוּא

דוּא זָאלְסְט קֶענֶען דַיין גֶעשֶׁעפְט עֶהְרְלִיךְ טְרַייבִּין.
יעקב הָאט גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דִיא רֶייד פוּן זַיינֶער
פְּרַאקְטִישֶׁע מוּטֶער אִיז גַאנְץ רִיכְטִיג, אוּנ וַוייל עֶר
הָאט זַיין מוּטֶער שְׁטַארְק גֶעלִיבְּט אוּנ אִיהר גֶעהָארְזַאם
גֶעוֶועזִין הָאט עֶר גֶעמוּזְט דֶערְוַוייל זִיךְ מְיַאֵשׁ זַיין פוּן
רייזעלעֶן, עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט שַׁבָּת צוּא גֶעהן צוּ
דֶער מוּהמֶע ריקעל, אוּנ אוֹיךְ פַאר בַּייא גאלדעס
פֶענְסְטֶער פְלֶעגְט עֶר שׁוֹין נִישְׁט מֶעהר פַאר בַּייא
גֶעהן, אָבֶּער אִין זַיין הַארְץ אִיז מֶעהר קַיין מְנוּחָה
נִישְׁט גֶעוֶועזִין, אוֹיךְ רייזעלע אִיז פוּן דִיזֶער צַייט
פֶערְעֶנְדֶערְט גֶעוָוארְן, דִיא רוֹיטְקַייט פוּן אִיהר גֶעזִיכְט
אִיז גֶעוָוארִין פֶערְשְׁוואוּנְדִין, זִיא הָאט שְׁטַארְק בְּלַאס
אוֹיס גֶעזֶעהן, אוּנ אַז יעקב הָאט זִיא אֵיינְמָאל
פְּלֶעצְלִיךְ גֶעטְרָאפִין אִיז עֶר אַיין צוּשְׁרָאקֶענֶער גֶעוָוארְן
עֶהֶענְדִיג וִויא רייזעלע זֶעהט אוֹיס, אוּנ דָאס הָאט
אִיהם נָאךְ מֶעהר גֶעקְרֵיינְקְט, עֶר הָאט זִיךְ זֶעהר
בֶּעקְלָאגְט אוֹיף דִיא אָרֶעמְקַייט, דֶען וֶוען עֶר וָואלְט
אַיין בְּיסִיל רַייבֶער גֶעוֶועזִין וָואלְט עֶר דָאךְ גֶעקָאנְט
זַיין הוֹב בֶּעצָאהלֶען אָן הֶערְרן הֶערְץ אוּנ עֶס וָואלְט
אִיהם שׁוֹין לַייכְטֶער גֶעוֶועזִין מִיט רייזעלען הָתוּנָה
צוּ הָאבֶּען, עֶר הָאט אַיין שְׁטַארְקֶע הָאפֶענוּנְג גֶע-

זָעצְט אוֹיף זַיין וָוערְק פוּן דֶער בוּכְהַאלְטוּנְג, אַז
דָאס וָועט אִיהם פְּרָאפִּיט בְּרֵיינְגֶען.

2.

יעקב אִיז פוּן שְׁטָאט אַרוֹיס אוּנ אִיז גֶענַאנְגֶען
זַיין וֶועג, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען דָארְף, אָבֶּער עֶר אִיז
גֶענַאנְגֶען פַּאוָואלֶע וַוייל עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז דִיא
כְּרִיסְטִין זַיינֶען נָאךְ אִין דֶער קִירְכֶע, עֶר אִיז אִין
דָארְף אָנְגֶעקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּייא דֶער
קִירְכֶע, וַוארְטֶענְדִיג אַז דִיא בּוֹיעֶרְן וֶועלְן אַרוֹיס פוּן
דֶער קִירְכֶע וֶועלִין זַייא אִיהם זָאגֶען וואוּ עֶר זָאל
זַייא סְחוֹרָה בְּרֵיינְגֶען, אוּנ אַזוֹי אִיז טַאקֶע גֶעוֶועזִין,
דִיא בּוֹיעֶרִין הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהם גֶעפְּרֵייט אוּנ
הָאבֶּען אִיהם בֶּעשְׁטֶעלְט עֶר זָאל זַייא בְּרֵיינְגֶען וָואס
זַייא דַארְפִין, יעקב הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען אִין דָארְף צוּ
גֶעהֶען אָבֶּער אַזוֹי וִויא זַיין שְׁטֵיינֶער אִיז גֶעוֶועזִין
אַלֶע מָאל פְרִיהֶער דֶעם נֵייסְטְלִיכֶען פוּן דָארְף אַיין
בֶּעזוּךְ צוּ מַאכֶען אַזוֹי הָאט עֶר הַיינְט אוֹיךְ גֶעטָאהן,
דֶער גֵייסְטְלִיכֶער אִיז גֶעוֶועזִין אַיין פַיינֶער מַאן אוּנ
אַיין יוּדֶענְפְרַיינְד, עֶר הָאט אִימֶער אִין דֶער קִירְכֶע
גֶעפְּרֶעדִיגְט מֶען זָאל דִיא אִידִין עֶהרְלִיךְ הַאלְטִין,
וַוייל זַייא זַיינֶען אַיין טַייעֶרֶע פָאלְק אוּנ עֶהרְלִיכֶע

מֶענְשִׁין, אוּנ בֶּעזוּנְדֶער אִיז עֶר צוּ יעקב'ן זָעהר פְרַיינְדְלִיךְ גֶעוֶועזִין, אוּנ וֶוען עֶר פְלֶעגְט צוּ קוּמֶען הָאט עֶר אִיהם גֶעגֶעבִּין צוּ לֵייזִין, הַיינְט אִיז יעקב אוֹיךְ מִיט זַיין פַּאק אִין דֶעם נַייסְטְלִיכִינְס הוֹיז אַריין גֶעקוּמֶען, אָבֶּער הַיינְט אִיז גֶעוֶועזִין דָארְט אַ נַיים, פִּיל גֶעסְט זַיינֶען גֶעוֶועזִין פֶערְזַאמֶעלְט אִין הוֹיז, דֶען דִיזֶער זוּנְטָאג אִיז גֶעוֶועזִין דֶער גֶעבּוּרְטְסְטָאג פוּן דֶעם נַייסְטְלִיכִין, דַארוּם זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם גַאנְץ פָארְנֶעהמֶע גֶעסְט, אַיין רַייכֶער גוּטְסְבֶּעזִיטְצֶער מִיט זַיינֶע צְוַוייא טֶעכְטֶער, נָאךְ אַנְדֶערֶע נַייסְטְלִיכֶע פוּן אַנְדֶערֶע דֶערְפֶער, יעקב אִיז גֶעוֶועזִין אִין דֶער נַאטוּר זָעהר שֶׁעמְהַאפְטִיג אוּנ וִויא עֶר הָאט גֶיעֶפִינְט דִיא טִיהר אוּנ הָאט דִיזֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט עֶרְבְּלִיקְט הָאט עֶר זִיךְ צוּרִיק גֶערוּקְט אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אַוֶועק גֵיין, אָבֶּער וִויא דֶער נַייסְטְלִיכֶער הָאט אִיהם דֶער זֶעהֶען אִיז עֶר צוּ אִיהם אַרוֹים אוּנ הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט יאקאב הַיינְט אִיז מַיין גֶעבּוּרְטְסְטָאג דַארוּם אִיז מַיין ווּאוּנְשׁ אַז דוּא זָאלְסְט בַּייא מִיר זַיין צוּ מִיטָאג, דוּא וֶועסְט אוֹיךְ אַיין גוּט גֶעשֶׁעפְּט מַאכִין, דֶען מַיינֶע גֶעסְט וֶועלִין דִיר גֶעבִּין פִּיל צוּ לֵייזִין.

יעקבן הָאט דִיזֶע אַיינְלַאדוּנְג גָאר נִישְׁט גֶע-

דאמ״ל שמעקט

שְׁמֶעקְט, עֶרְשְׁטֶענְס אִיז עֶר אִין זַיין גַאנְצִין לֶעבֶּען
אִין אַזַא גֶעזֶעלְשַׁאפְט נִישְׁט גֶעוֶועזִין, עֶר וֵויים גָאר
נִישְׁט דִיא מָאנִיעֶרִין וִויא מִיט אַזֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען
אוּם צוּ גֶעהָען, צְוֵוייטֶענְס אִיז עֶר זֶעהר פְּרוּם
גֶעוֶועזִין, עֶר וָועט פַאר קֵיין גֶעלְד קֵיין טְרֵיפוֹת נִישְׁט
עֶסִין, אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ דָאס גֶעשֶׁעהמְט דֶעם
גַייסְטְלִיכִין צוּ זָאגֶען, אִיז עֶר שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען.
נוּא וָואס שְׁטֶעהסְטוּ קוּם דָאךְ אַרַיין הָאט דֶער
גייסְטְלִיכֶר צוּ אִיהם פְרַיינְדְלִיךְ גֶערֶעט. הֶערר פְּפַארֶער
הָאט יעקב צוּ אִיהם הַאסְטִיג גֶעזָאגְט, זִיא ווִיסִין דָאךְ
רָאס אִיךְ קֶען נִישְׁט אַלְץ עֶסִין וָואס בַּייא אַייךְ בַּיים
מִיטָאג. וָואס הֵייסְט אַלְץ עֶסֶען? הָאט דֶער גַייסְטְלִיכֶער
צוּ אִיהם גֶעזָאגְט לַאכֶענְדִיג, אַז דוּא וֶועסְט אַלְץ
אוֹיף עֶסִין וָואס וֶועט פַאר מַיינֶע גֶעסְט בְּלַייבִּין.
אִיךְ מֵיין אִיךְ אַלְס יוּדֶע טָאר אִיךְ נִישְׁט עֶסִין
דִיא שְׁפַּייזֶען וָואס מֶען עֶסְט בַּייא אַייךְ. נוּא וָואס
שֶׁעהמְסְט דוּא דִיךְ, זָאג דַייטְלִיךְ אִיךְ קֶען בַּייא אַייךְ
נִישְׁט עֶסִין וַוייל מַיינֶע רֶעלִיגְיָאן פֶערְבִּיטֶעט מִיר
דִיזֶע אוּנ דִיזֶע שְׁפַּייזֶען נִישְׁט צוּ עֶסִין, דוּא דַארְפְסְט
דִיךְ מִיט דַיין רֶעלִיגְיָאן גָאר נִישְׁט שֶׁעמֶען, נָאר דוּא
זָאלְסְט קֵיין מוֹרָא נִישְׁט הָאבִּין, אִיךְ וֵויים אַז דוּא
עֶסְט קֵיין טְרֵיפוֹת נִישְׁט, אִיךְ וָועל אָבֶּער פַאר דִיר

# הודעה!

## בבית מסחר הספרים שלי

נמצא להמכר ספרים שונים, תנ"ך עם פרושים שונים, שו"ת פוסקים ומפרשים, ספרי מוסר, ספרי השכלה, ספרי רומעל, ספורי זשארגאן או ע"ט, גם ספרי לימוד שפת רוססיא מתורגמים עברית עפ"י המעטאדע החדשה, גם טליתים גדולים וקטנים, ציצית תפילין מזוזות, רצועות, תמונות גאוני וגדולי ישראל שונות דרוק אונד אייל פארב, פיעל סארטען בילעטין לתנאים, לחתונה, לברית מילה, וגם כל ספרי חו"ל אשר הורשו מטעם הצענזוריא, הכל כפי מחיר בתי מסחר הדפוסים, למו"ס ינתן ראבאט הגון, וכל החפץ לבוא עמי בברית המסחר ישלח ד"ק סך 10°/₀ עפ"י הכתבת הנרשמת למטה ואשלח לו ע"י נ"נ במוקדם האפשרי.

## ואלה המה הספרים הקנוים לי זכות עולם

(אייגענע אויפלאגען)

1 שרשי לבנון, מאת ר' יצחק בער לעווינזאהן (ריב"ל)
2 תולדות שם (הנ"ל)
3 תעודה בישראל (הנ"ל)
4 בית יהודה (הנ"ל)
5 התועה בדה"ח, מאת פרץ סמאלענסקין
6 נמול ישרים (הנ"ל)
7 קבורת חמור (הנ"ל)
8 שמחת חנף (הנ"ל)
9 חמשה מאמרי בקרת (הנ"ל)
(5–9: קניתי רק הזולתה)
10 כתובים אחרונים (אפאקריפען) 32° דימענט
11 כתובים אחרונים (אפאקריפען) 12° דימענט
12 ספר המדות (סאטנאוו)
13 שלומת רשעים (רומש)
14 חתיכת בד (הנ"ל)
15 שער שבאשה (הנ"ל)
16 גמול אלקים (דוב ארי' פרידמאנן)
17 ניב שפתים, ספר מכתבים מאת ה' ראליצקי, (קניתי רק הזולתה)
18 חרעסטאמאטיע כל"ק ויע"ט מאת קירמאן
19 כנף רננים על פרק שירה
20 קול אומר קרא דרוש על התורה

# הודעה

21 צעהען יודישע פאלקס-ליעדער, מאת אליקום צונזער
22 דיא נייע צעהן יודישע פאלקס-ליעדער (הנ"ל)
23 נאטין צו דיא ערסטע 10 יודישע פאלקס-ליעדער (הנ"ל)
24 עלעגיע לעוואנדא נאטין עם הטעקסט רוס ואידעו (הנ"ל)
25 וועלטליכע נייעס (לעוויסאן)
26 נאטין לשולמית (גאלדענפאדען)
27 דער נייער יודישער פראקטישער בריפען שטעללער (מאצקעוויץ)
28 בית הספר ח"א, מאת מ. ב. שניידער — קניתי רק הזוגלה
29 בית הספר ח"ב, מ. ב. (הנ"ל)
30 דער נייער געריממער טרעפער (פיימאן)
31 כנסת ישראל תרמ"ח השני
32 ימים מקדם (יהל"ל)
33 מאטקע הבר (לעוויסאן)
34 אנעקדאטען בוך 272 שיינע וויטצען ואנעקדאטען, מאת קוקעלשטיין
35 אשת חיל, אדער אשת איש, (זייבערבלאט)
36 דער קאטערזניק (שמ"ר)
37 שוֹדד ישר, דער פרומער מער-דער (הנ"ל)
38 דער גליקליכער פאסטוך (הנ"ל)
39 אטאטע פון יענער וועלט (הנ"ל)
40 דער זאהן אלס שדכן (בלאשטיין)
41 דיא אמתע מענשען ליעבע (אפ"ד)
42 דיא צוריק געקאמענע ליעבע אדער יאהאן אונד יעקב (אפ"ד)
43 תהנה דביר הקודש
44 יאהר צייטען יפים פיינע פארבען גרויסע אונד קליינע
45 חלה טישטעכלעך פערשיידענע לקידוש על כל מועדי השנה
46 פייל פערשיידענע ווינשקארטען לשנה טובה פאן אויסלענ-דערישע פאבריקען זעהר פראכט-פאלע ארבעט
47 כנסת ישראל תרמ"ח הראשון
48 סיפורי ירושלים בע"ט עם שני ציורים יפים.

---

אדרעססע אלי:

**ИСААКЪ ФУНКЪ, ВИЛЬНА.**

Обжерный пер. д. Гурлянда.



פֶערְזָארְגֶען אַזֶעלְכֶע שְׁפַּייזֶען וָואס דוּא מֶענְשׁט זַייא
עֶסִין. יעקב הָאט נִישְׁט גֶעקָאנְט מֶעהר וִידֶערְשְׁטֶעהן
דֶעם גַייסְטְלִיכִין אוּנ אִיז מִיט זַיין פַּאק אִין שְׁטוּבּ
אַרַיין, הָאט זִיךְ אַרוּם גֶעפּוּצְט פַּיין אוּנ אִיז אִין דִיא
עֶסְשְׁטוּבּ אַרַיין גֶעקוּמֶען, דָארְט הָאט עֶר גֶעפּוּנֶען
אַלֶע גֶעסְט פֶערְזַאמֶעלְט, אָבֶּער וִויא הָאבִּין אִיהם
אַנְדֶערֶע פֶערְוואוּנְדֶערְט אָנְגֶעקוּקְט, אִיבֶּערְהוֹיפְּט
דֶער גוּטְסְבֶּעזִיצֶער אִיז קַיין יוּדֶענְפְּרַיינְד נִישְׁט גֶע-
וֶועזִין וַוייל עֶר הָאט גְרָאד מִיט אַיין אִידִין אַיין
פְּרָאצֶעס גֶעהַאט, אוּנ וִויא נֶעוואֹהנְלִיךְ טְרָאגְט מֶען
אִיבֶּער דִיא שִׂנְאָה פוּן אֵיינֶעם אוֹיף אַלֶע, דֶער
גַייסְטְלִיכֶער הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט אוּנ הָאט גֶע-
שְׁמֵייכֶעלְט, אוּנ הָאט גְרַאדֶע דֶעם אִידִין דֶעם
שֶׁענְסְטֶען אָרְט אָנְגֶעוִויזִין זִיךְ צוּם זֶעטְצִין, יעקב
הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט שֶׁעמְהַאפְּטִיג אוֹיף זַיין פְּלַאטְץ
אוּנ הָאט קַיין מוּטְה נִישְׁט גֶעהַאט אַוָארְט צוּ
רַיידִין, מֶען הָאט גֶעשְׁפְּרָאכֶען פֶערְשִׁיעדֶענֶע זַאכֶען,
אוּנ אַז יעקב הָאט אַפָּאר גְלֶעזְלַאךְ שְׁנַאפְּס שׁוֹין
אִין קָאפּ גֶעהַאט אִיז עֶר אַבִּיסִיל לֶעבֶּעדִיגֶער גֶע-
וָוארִין אוּנ הָאט זַיין וָוארְט אִין דִיא אוּנְטֶערְהַאלְטוּנְג
אַרַיינְגֶעמִישְׁט, אַלֶע הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען אַיין טָאאַסְט
(לְחַיִים) צוּם וָואהל פוּן דֶעם לַאנְדֶעסְרֶעגִירֶער, צוּם

וָואהל פוּן דֶעם גֵייסְטְלִיכֶען אוּנ אַלֶע גֶעסְט , דֶער נָאךְ הָאט דֶער גֵייסְטְלִיכֶער גֶעטְרוּנְקֶען אַיין טָאאַסְט אוּנ הָאט לוֹיט גֶעזָאגְט, אִיךְ טְרִינְק צוּם וָואהל פוּן מַיינֶע אַלֶע גֶעסְט אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס צוּם וָואהל פוּן מַיין פְרַיינְד יאקאב , וָואס זַיין זִיטְצֶען אִיצְטֶער אִין מַיין שְׁטוּבּ דֶערְמָאהנְט מִיךְ אָן אַיין שֵׁיינֶעם אוּנ גְלִיקְלִיכֶען טָאג אִין מַיין לֶעבֶּען , דֶער שֶׁענְסְטֶער גֶבוּרְטְסְטָאג פוּן מַיין גַאנְצֶען לֶעבֶּען .

אַלֶע גֶעסְט זַיינֶען גֶעוֶועזֶען נַייגִיֶערִיג צוּ הֶערֶען דִיא גֶעשִׁיכְטֶע , אוּנ נָאךְ דֶעם וִויא עֶר הָאט צוּ זִיךְ צוּ גֶערוּקְט אַיין טִישִׁיל מִיט עֶטְלִיכֶע בִּיכֶער אוּנ פַּאפִּירֶען וָואס זַיינֶען דַארוֹיף גֶעלֶעגֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעפַאנְגֶען זַיינֶע גֶעשִׁיכְטֶע צוּ עֶרְצֶעהלֶען .

אִיךְ הָאבּ אַיָאהר אִין האַללע שְׁטוּדִירְט , אַיין קוּרְצֶע צייט פַאר מַיינֶעם צְוַואנְצִיגְסְטֶען גֶעבוּרְטְסְטָאג הָאבּ אִיךְ פוּן מַיין פָאטֶער דיעזֶען בְּרִיף עֶרְהַאלְטֶען אוּנ אִיךְ וֶועל אַייךְ דָא פָארְלֶעזֶען . מַיין ליעבֶּער זוהן, עֶס אִיז דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל וָואס אִיךְ קָען דִיר הַיינְט קַיין פְּרֶעזֶענְט צוּ דַיין גֶעבוּרְטְסְטָאג נִישְׁט שִׁיקֶען נָאר קְלָאגֶען אוּנ וַויינֶען , פַאר אֵיינִיגֶע וָואכֶען אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער קַאמָארְנִיק בַּייא אוּנְז אוּנ הָאט פֶערְשְׁרִיבֶּען אַלֶע זַאכֶען דָאס הוֹיז מִיט דֶעם גָארְטֶען אוּנ

אלץ 

אַלֶין וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ פֶערְקוֹיפֶען אוֹיף לִיצִיטַאצִיָע
ווייל אִיךְ בִּין אַיין גְרוֹיסֶער בַּעַל חוֹב, אִיךְ הָאבּ
גֶעוָואלְט אַטֵייל בֶּעצָאהלֶען אוּנ דֶעם רֶעשְׁט צוּ בֶּע-
צָאהלֶען אִין רַאטֶען אָבֶּער דֶער בַּעַל חוֹב הָאט נִישְׁט
גֶעוָואלְט הֶערִין אוּנ זֶעהֶען, אִיךְ בִּין גֶעלָאפִין צוּ
אַלֶע מַיינֶע בֶּעקַאנְטֶע אוּנ פְרַיינְד זַייא זָאלִין מִיר
הֶעלְפִין אָבֶּער יֶעדֶערֶער הָאט מִיר דֶעם רוּקֶען אוֹים
גֶעשְׁטֶעלְט, זַייא הָאבֶּען מִיר נָאךְ פָארְגֶעוָוארְפִין פַאר
וָואס הָאבּ אִיךְ אַזוֹי פִיל גֶעלְד פֶערְבְּרַאכְט אוֹיף
דַיינֶע אוֹיסְבִּילְדוּנְג, הָאטְשֶׁע אִיךְ וַויים אַז נִישְׁט
דָאס אִיז גֶעוֶועזִין דִיא הוֹיפְּטְזַאךְ פוּן מַיין אוּנְגְלִיק,
דָאס פָארִיגֶער יָאהר אִיז גֶעוֶועזִין אַיין נַאסֶער יָאהר
אוּנ דִיא תְּבוּאָה זַיינֶען גֶעוָוארִין פֶערְפוֹילְט, הַיינְטִיגֶען
יָאהר אִיז גֶעוֶועזִין אַיין טְרוּקֶענֶער יָאהר אוּנ דִיא
תְּבוּאָה אִיז פֶערְדַארְט גֶעוָוארִין, אוּנ קַיין גְרוֹיסֶער
קַאפִּיטַאלִיסְט בִּין אִיךְ נִישְׁט, דַארוּם הָאבּ אִיךְ גֶע-
מוּזְט וֶוערִין אַיין בַּעַל חוֹב, גְרָאד אִין דַיין גֶעבּוּרְטְסְ-
טָאג וֶועט דִיא לִיצִיטַאצִיָע זַיין, אָבֶּער וָואס קֶענֶען
מִיר הֶעלְפִין גֶענֶען נָאטֶעס בֶּעשְׁלוּם? מַיין הַארְץ
צוּגֶעהט אִין מִיר וֶוען אִיךְ דֶערְמָאהן מִיךְ אַז גְרָאד
אִין דֶעם טָאג וָואס עֶר אִיז מַיין גְרֶעסְטֶע פְרייד
אִין לֶעבִּין וֶועט דֶער קַאמָארְנִיק קוּמֶען אִין מַיין שְׁטוּבּ

דאס"ל וועט

וָועט דיא אַקְטָעְן אוֹיס בְּרֵייטִין אוֹיפִין טִישׁ אוּנ דֶעם הַאמֶער אוֹיף הוֹיבֶּען, מַיין הֶערְץ וֶועט מִיר צוּ שְׁנַיידִין וֶעהֶענְדִיג דאס דָאס הוֹיז וואוּ אִיךְ הָאבּ מַיינֶע בֶּעסְטֶע יָאהרֶען פֶערְבְּרַאכְט זָאל אִיצְט אִיבֶּער גֶעהֶען אִין דיא הֶענְד פוּן אַיין אַנְדֶערְן, אָבֶּער מִיר מוּזִין דָאס פַּאר גוּט אָנְגֶעהמֶען, אַרְבַּייטֶע מִיט פְלַייס אוּנ וָואס אִיךְ וֶועל מִיט מַיינֶע הֶענְד פֶערְדִינֶען וֶעל אִיךְ דִיר שִׁיקֶען, דַיין טְרֵייעֶר פָאטֶער קאספאר מילך.

אִיךְ קֶען אַייךְ לִיעבֶּע פְרֵיינְד נִישְׁט אוֹיס דֶער צֶעהלִין דֶעם שְׁמֶערְץ וָואס מִיר אִיז בֶּעפַאלֶען דוּרְךְ לֵייעֶנֶענְדִיג דִיעזֶעם בְּרִיף, אִיךְ הָאבּ גֶעוואוּסְט אַז אִיךְ בִּין אַסַךְ שׁוּלְדִיג אִין מַיין פָאטֶערְס אוּנְגְלִיק, נָאר פוּן מַיינֶעטְוֶועגִין אִיז עֶר אַרַיין גֶעפַאלֶען אִין אַזוֹי פִיל חוֹבוֹת, אוּנ וִויא הָאט מִיר מַיין הַארְץ גֶעשְׁנִיטִין דָאס אִיךְ בִּין נִישְׁט אִים שְׁטַאנְדֶע גֶעוֶועזִין נָאךְ אַזוֹי פִיל אוּנְטֶערְשְׁטִיצוּנְג אוֹיךְ מַיין פָאטֶער אִין עֶפֶּעס צוּ הֶעלְפִין, אוּנ אִיךְ בִּין נָאךְ צוּ לַאסְט גֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהם, אָבֶּער מַיין לִיעבֶּער פָאטֶער הָאט דָאס אַלְץ בֶּעדֶעקְט אוּנ הָאט דיא שׁוּלְד אוֹיף דֶעם שְׁלֶעכְטִין שְׁנִיט גֶעוָוארְפִין.

דֶער מָארְגֶען פוּן מַיין גֶעבּוּרְטְסְטָאג אִיז אָן

נֶעקוּמֶען, דִיא זוּן הָאט גֶעשְׁפְּרַאהלְט אִין מֵיין צִימֶער'
אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ הָאבּ מִיךְ גֶעזֶעצְט בַּייא
מֵיין אַרְבֵּייטְסְטִישׁ, דִיא וִוירְטְהִין אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען
אוּנ הָאט צוּ מִיר טְרוֹיעֶריג גֶעזָאגְט הֶערר מילך
וָואס וֶועלִין זִיא הַייטֶע עֶסִין, דִיא זֶעמְמֶעל פְּרוֹיא
וִויל שׁוֹין קֵיינֶע זֶעמְמֶעל בָּארְגֶען, וַוייל אִיהר זַייט
אִיהר אַסַךְ שׁוּלְדִיג, זֶעהֶען זִיא עֶפֶּעס גֶעלְד צוּ שַׁאפֶען
דֶען הוּנְגֶערִין קֶענֶען זַייא אוֹיךְ נִישְׁט, דֶער מָאגֶען
פֶערְלַאנְגְט דָאס זַיינִיגֶע. נוּר גֶעדוּלְד לִיעבֶּע וִוירְטְהִין
הָאבּ אִיךְ צוּ אִיהר גֶעזָאגְט, בַּאלְד וֶועט זִיךְ דֶער
נַייעֶר מָאנַאט אָנְהוֹיבִּין וֶועל אִיךְ גֶעלְד הָאבִּין, הַייטְע
וֶועל אִיךְ קֶענֶען וַוארְטִין בִּיז מִיטָאג, אִין אֶמֶתִין
הָאבּ אִיךְ מִיטָאג אוֹיךְ נִישְׁט גֶעהַאט וואו צוּ עֶסִין,
דֶען אִין דֶער רֶעסְטוּרַאצְיֶע הָאט מֶען שׁוֹין מֶעהר
מִיר נִישְׁט גֶעוָואלְט בָּארְגֶען וַוייל אִיךְ בִּין שׁוֹין פַּאר
צְוַוייא חֳדָשִׁים שׁוּלְדִיג גֶעבְּלִיעבֶּען, אִיךְ הָאבּ מִיר
אָבֶּער גֶעטְרַאכְט אִיךְ וֶועל דֶעם טָאג אַזוֹי דוּרְךְ
מַאכִין, אִיךְ וֶועל אַבִּיסִיל רֵייכֶערִין, אִיךְ הָאבּ גֶע-
וָואלְט נֶעהמֶען אַבִּיסִיל טַאבַּאק אָבֶּער עֶס אִיז שׁוֹין
קֵיין בְּלֶעטְעלֶע אִין דֶער טַאבַּאק קֶעסְטִיל נִישְׁט גֶע-
וֶועזִין, מֵיין הַארְץ אִיז מִיר גֶעוֶועזִין פֶערְבִּיטֶערְט,
דֶער צוּ הָאבּ אִיךְ מִיךְ דֶערְמָאהנְט אַז הַיינְט פֶער-

קויפט מען דעם פּאטערס ווירטשאפט, וויא זעהט געבאך איצט מיין אונגליקליכער פּאטער אוים, איך האב מעהר נישט געקענט ארבייטין, איך בין צום קלאוויר צו געגאנגען אונ האב מיין גאנץ הארץ דורך טרויערגעזאנג אויסגעגאסין, טרערין האבען זיך געגאסין פון דיא אויגען, איך האב געשלוכצט אונ געוויינט, איך האב מיך נישט געקענט איינהאלטין, פּלוצליך האב איך געהערט קלאפּענדיג אין טיהר, דיא טיהר האט זיך גיעפינט צווייא דיענער פון האטעל זיינען אריין געקומען האבען קיין ווארט נישט גערעט, האבין געשטעלט איין טישיל אין מיטין שטוב, אונ דארויף אוויים טישטוך אוים געשפּרייט, איך האב זייא געפּרעגט פערוואונדערט וואס דאס בעדייטעט, זייא האבען מיר אבער נישט גיענטפערט, האבין אריינגעבראכט איין שיינעם גרויסין קוכין דער צו זעכס פלאשין וויין, אן יעדער עק פון טיש האבען זייא אנגעבונדין אפּעקיל פיינעם טאבאק, דער צו האבין זייא ארויף געלעגט אויפין טיש שיינע ביכער אין פּראכטבונד, אזעלכע ווערק וואס איך האב שוין לאנג לוסט געהאט זייא צו קויפען נאר איך האב קיין געלד נישט געהאט, דא זיינען נאך דיא ביכער מיינע פריינד, ווייזענדיג אויף דיא

בִּיבֶער וָואס זַיינֶען גֶעלֶעגִין אוֹיף דֶעם קְלֵיינֶעם טִישִׁיל, דֶער צוּ הָאבִּין זֵיי אַיין בְּרִיף אוֹיפִין טִישׁ אַרוּפְּגֶעלֶעגְט אוּנ זַיינֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אִיךְ הָאבּ דִיא אַלֶע זַאכִין מִיט פְּערְוואוּנְדֶערוּנְג אָנְגֶעקוּקְט, אִיךְ הָאבּ גִיעֶפִינְט דֶעם בְּרִיף זַיינֶען דִיזֶע וָוערְטֶער דַארִין גֶעשְׁטַאנֶען:

דַיין פְּרֵיינְדְס וואוּנְשׁ זָאל נָאטְט אָן דִיר עֶרְפִילְלֶען
זוּךְ דִיר דַיין דוּרְשְׁט מִיט דֶעם וַויין הַיינְט צוּ שְׁטִילְלֶען
נֶעהם פְּרֵיינְדְלִיךְ פוּן דֶעם שֵׁיינֶעם קוּבֶען
דָאס גְלִיק וֶועט פוּן הַיינְט שׁוֹין דִיךְ זוּכֶען.

אוֹיף נָאךְ אַיין צֶעטִיל זַיינֶען דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעשְׁטַאנֶען: הָערר בַּאנְקִיער בַּארנעט צָאהלְט אוֹיס אוֹיף מַיינֶע אָנְוַוייזוּנְג הֶערְרְן מילך פִּירְצִיג טְהָאלֶער קוּרַאנְט אוּנ אַלֶע פִּירְטִיל יָאהר וֶועט עֶר דִיזֶעלְבֶּע סוּמֶע אוֹיס צָאהלֶען בִּיז עֶנְדֶע צְוֵוייא יָאהר, דִיא אוּנְטֶערְשְׁרִיפְט אִיז נִישְׁט צוּם לֶעזֶען גֶעוֶועזִין, וֶוער קֶען זִיךְ פָּארְשְׁטֶעלֶען מַיינֶע אִיבֶּערְרַאשוּנְג אִיבֶּער דִיזֶע פְּלֶעצְלִיכֶע פֶּערֶענְדֶערוּנְג, אִיךְ הָאבּ נַאטִירְלִיךְ מִיךְ בַּיים טִישׁ גֶעזֶעצְט אַ גְלָאז וַויין אָנְגֶעפִילְט אוּנ הָאבּ מִיךְ דֶערְקְוִויקְט, מַיין הוּנְגֶער הָאבּ אִיךְ מִיט דֶעם קוּכִין גֶעשְׁטִילְט, אָבֶּער פְּרֶעהלִיךְ הָאבּ אִיךְ



דאך

דָאךְ נִישְׁט גֶעקָאנְט זַיין, אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְ-מָאהנְט וְויא מַיינֶעם לִיבֶּען פָּאטֶער אִיז אוֹיפְן הַארְצִין, מֶען הָאט וִוידֶער אָנְגֶעקְלַאפְּט אָן דִיא טִיהר אוּנ דֶער בְּרִיפְּעֶנְטְרֶעגֶער הָאט מִיר אַיין בְּרִיף דֶער לַאנְגְט פוּן מַיין פָּאטֶער, דָא אִיז דֶער בְּרִיף:

לִיעבֶּער זוּן אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעדַאכְט אַז דִיא הִילְף זָאל אַזוֹי שְׁנֶעל צוּ מִיר קוּמֶען, שְׁטֶעל דִיר פָאר גֶעכְטִין בַּייא נַאכְט אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען אֵיינֶער פוּן סָאנְד פֶערְסָאפֶּענְדִיג אוּנ הָאט מִיר דֶערְלַאנְגְט אַיין בַּאפִּיר פוּן סָאנְד אִין וֶועלְכֶען מֶען הָאט מִיר אָנְגֶעצֵייגְט דָאס דִיא לִיצֶעטַאצְיֶע אִיז גֶעוָוארִין אָבְּ-גֶערוּפֶען, אַיין אוּנְבֶּעקַאנְטֶע פֶּערְזָאן הָאט בֶּעצָאהלְט קַאפִּיטַאל צִינְזִין אוּנ גֶערִיכְטְסְקָאסְטִין, דִיא גַאנְצֶע הִיפּאטְהֶעק פְרַייא גֶעמַאכְט אוּנ נָאךְ אִיז מִיר גֶע-בְּלִיבֶּען 25 טְהָאלֶער אִיבֶּערִיגֶע אִין דִיא טַאשֶׁע, פוּן וַואנֶען דִיזֶע הִילְפֶע אִיז מִיר אַזוֹי שְׁנֶעל גֶעקוּמֶען ווייס אִיךְ נִישְׁט, גָאט זָאל זַיין זֶעגֶען גֶעבִּין פוּן הִימֶעל דִיזֶען אוּנְבֶּעקַאנְטֶען רֶעטֶער, אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעאַיילְט דִיר דָאס בַּאלְד צוּ מֶעלְדֶען כְּדֵי דוּא זָאלְסְט דַיין גֶעבּוּרְטְסְטָאג קֶענֶען פַייעֶרִין מִיט שִׂמְחָה, דַיין טְרַייעֶר פָּאטֶער קַאספּאר מילך.

דָאס אִיז צוּפִיל פְרֵיידֶע גֶעוֶועזִין פַאר אֵיין

טָאג, אִיךְ הָאבּ מִיךְ נָאךְ אַמָאל גֶעזֶעצְט בַּיים קְלַאוִויר אוּנ הָאבּ גֶעזוּנְגֶען אַיין דַאנְקְלִיעד צוּ גָאט, אוּנ אִיהם גֶעבֶּעטִין עֶר זָאל מִיר אוּנְזֶער פְרַיינְד אוּנְזֶער רֶעטֶער נַיעִין, שְׁטִיל הָאט זִיךְ דִיא טְהִיער גֶעעֶפִנְט אוּנ אַבֶּעקַאנְטֶער אִידִישֶׁער סְטוּדֶענְט עֶר הָאט גֶהֵייסִין אַבְרָהָם לֶוִי אִיז אַרַיין גֶקוּמֶן, „נוּן הָאט עֶר צוּא מִיר גֶעזָאגְט „דוּא הָאסְט גָאט גֶעבֶּעטִין עֶר זָאל דִיר דַיין רֶעטֶער צֵיינֶן, גָאט הָאט דַיין גֶעבֶּעט דֶער הֶערְט, הִיער אִיז דַיין פְרַיינְד דַיין רֶעטֶער״. אִיךְ הָאבּ מִיר דָאס פֶערְגְנִיגֶען גֶעמַאכְט דַיין גֶעבּוּרְטְסְטָאג. אוֹיךְ מַיינֶע אֵיינֶעגֶע מַאנִיר צוּא פַייֶערִין, אִיךְ הָאבּ אָבֶּער דִיךְ אִים גָאמֶען פוּן גָאךְ דְרַייא קָאלֶעגֶען הַיינְט נָאךְ מִיטָאג צוּם אַבֶּענְדְסְמָאהלְצַייט אִין יֶענֶעם גָארְטִין אַיינְ-צוּלַאדֶען. אִיךְ בִּין אִיהם אוּיפִּין הַאלְז גֶעפַאלֶען, אוּנ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט קֵיינֶע וֶוערְטֶער גֶעפִינֶען. אברהם לעווי אִיז גֶעוֶועזִין אַזוּהן פוּן רַייכֶע עֶלְטֶערְן, זַיין פָאטֶער אִיז גֶעוֶועזִין קוֹיפְמַאן אִין אַ רֶעזִידֶענְץ, אוּנ אִיז גֶע- וֶועזִין אַיינְגֶענָאמֶען פִיר דִיא נַיימָאדִישֶׁע בִּילְדוּנְג דְרוּם הָאט עֶר זַיינֶען זוּהן גֶעוָואלְט נִישְׁט נָאר צוּם קוֹיפְמַאן אַלֵיין אוּיס בִּילְדִין נָאר אוֹיךְ פַאר אַיין גֶעבִּילְדֶעטִין מֶענְשִׁין אִיהם צוּ מַאכִין, אוּנ הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט אִין האלֶע צוּא שְׁטוּדִירֶען דִיא שֶׁיינֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען,

ער איז פון געזיכט ניט שיין געוועזין, דיא שווארצע האר האבין געהאנגען כמעט וויא קאלטענעס איבער זיין ראק, אברייטין מויל, אגרויסער נאז, נאר אין זיינע אויגען זיינען געוועזין קלוגהייט און גוטצקייט, ער האט זיך ווייניג געחברט מיט דיא אנדערע סטודענטין, נאר אין דער לעצטער צייט האט ער מיט מיר מיט נאך אפאר קאלעגען אין אוניפערזיטעט געשפראכין, ער איז בעקאנט געוועזין פאר זייער אקארגין, זיינע אנצוגע איז געוועזין זייער פראסט און נאכלעסיג, ער איז קיין מאל אין קיין קנייפע נישט געקומען, דארום האבען דיא סטודענטין איהם נישט געליבט, זייא האבען איהם פעראכטעט, קיינער האט נישט געוואלט מיט דעם העסליכין קארגען יודען צו טאהן האבען, ער האט מיר ערצעהלט אז ער האט פאר צעהן טאגע מיך געוואלט בעזוכען וועגען א אינטערעס, איך בין צו הויזע נישט געוועזין האט דיא ווירטהין איהם אין מיין צימער אריין געלאזין, ער האט זיך אניעדער געזעצט און האט געבלעטערט אין דעם בוך וואס איז געלעגען אויפין טיש האט ער צופעלליג אין בוך געפונען דעם בריף פון מיין פאטער, ער האט איהם דורך געלעזין, און האט גוט דורך גענומען דעם גאנצען שטאנד פון מיר און

מַיין פָאטֶער , עֶר הָאט גְלַייךְ זַיין פָאטֶער שְׁרִיפְטְלִיךְ גֶעבֶּעטִין עֶר זָאל דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פַאמִילְיֶע צוּ הִילְף קוּמֶען אוּנ זַיין פָאטֶער הָאט דֶעם וואוּנְשׁ פוּן זַיין גֶעלִיבְּטֶען זוּהן עֶרְפִילְט אוּנ הָאט בֶּעצָאהלְט מַיין פָאטֶערְס אַלֶע שוּלְדֶען , אברהם הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זַייא מַיין פְרַיינְד מילך אָבֶּער שְׁוַויינֶע אִיבֶּער אַלְץ וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר גֶעטָאהן , נָאר אֵיינְס בִּיטֶע אִיךְ דִיךְ , פַארְוַואהְרְ דַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע מֵיינוּנְגֶען גֶעגֶען מַיינֶע נַאצְיָאן , דוּא וֶועסְט דָאךְ גַייסְטְלִיכֶער וֶוערִין , אוּנ דוּ וֶועסְט פְּרֶעדִיגֶען פַאר דַיין פָאלְק זָאלְסְטוּ דִיךְ אָן דִיזֶען טָאג דֶערְמָאהנֶען אוּנ זָאלְסְט קַיין שְׁלֶעכְטֶעס נִישְׁט שְׁפְּרֶעכֶען אוֹיף מַיינֶע בְּרִידֶער , לִיעבֶּע אוּנ פְרַיינְדְשַׁאפְט זָאלְסְטוּ לֶערְנֶען דַיין פָאלְק אַזוֹיא וִויא דֶער הֵיילִינֶער נָבִיא זָאגְט : הָאבִּין מִיר דֶען נִישְׁט אַלֶע אֵיין גָאט, אֵיין פָאטֶער, וָוארוּם זָאלִין מִיר פַאלְשׁ זַיין אֵיינֶער גֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן .

אָבֶּענְד זַיינֶען דִיא קָאלֶעגֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט אַ פְרֵיילִיכִין טָאג , לֶעווי הָאט פִיל גֶעשְׁפְּרָאכֶען אִין דִיעזֶעם אָבֶּענְד אוּנ דִיא קָאלֶעגֶען זַיינֶען גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר פֶערְוואוּנְדֶערְט, דֶען קַיין מָאל הָאבֶּען זַייא נִישְׁט גֶעהֶערְט אִיהם אַזוֹיא פַיין רֶעדֶען .

מַיין סְטוּדְיוּם אִיז גֶעוָוארֶען וִוירְקְלִיךְ מִיר פִיל

לײכטער און גליקליכער, מײן פאטער האט גוטען שניט געהאט און דיא ברכה איז אַרײן געקומען אין זײן הױז, ער האט אױך נאך דיא זכיה געהאט מיך צו זעהען אױף אַגײסטליכע שטעלע, מײן קאמעראד האט דיא אוניװערזיטעט באלד פערלאזען, און האט זײן פאטערס געשעפט איבער גענומען, האט געהײ־ראטהעט אַגוטעס בראװעס מעדכען, און האט מיט איהר גליקליך געלעבט, מיר האבען אונז קארעס־פאנדירט מיט בריף אַגאנץ לאנגע צײט, פאר עטליכע יאהר איז דיעזער בראװער מאן געשטארבען, יעצט מײנע ברידער לאמיר דיא כוסות װידער אױס לעערן און טרינקען צום װאוהל פון אַלע גוטע מענשען.

אַלע האבין דיא גלעזער אָנגעשטױסין מיט דעם יודען יעקב, אפילו דער גוטסבעזיצער װאס האט אַ שנאה געטראגין אױף דיא אידין האט זײן שנאה איצט פערגעסען און האט מיט יעקב'ן זײן גלאז אנגע־שטױסען, יעצט האט דער גײסטליכער יעקבן אױפ־געפאדערט ער זאל זײנע װארע רעכט שױן אױסלעגען און יעדער װעט בײ איהם עטװאס קױפען, ער האט אַגוטע לײזונג געהאט, דען יעדער האט איהם גוט בעצאהלט פאר זײנע װאארע װעגען דעם אברהם לעװי, זײן געשעפט אין דיזער װאארע האט שױן

גִיקֶענְט זַיין צוּ עֶנְדֶע , דָען עֶר הָאט דָא אַזוֹיא פִיל גֶעלֵייזְט וִויפִיל עֶר וָואלְט דִיא גַאנְצֶע וָואךְ גֶעלֵייזְט , דָער נָאכְמִיטָאג אִיז אוֹיךְ אַזוֹא שֵׁיין גֶעוֶועזִין וִויא דָער פַארְמִיטָאג, יעקב הָאט גֶעמוּזְט מִיט דִיא גֶעסְט גֶעהְן אִין גָארְטִין אוּנ הָאבִּין דָארְטִין גֶעשְׁפִּיעלְט אִין כְּפֶּענְ- דֶער שְׁפִּיעל , עֶר אִיז אַרוּמְגֶעלָאפִין אִין גָארְטִין מִיט דִיא שֵׁיינֶע מֶעדְכֶען פוּן דֶעם פְּפַארֶער הָאט זִיא נָאךְ גֶעיָאגְט אוּנ אוֹיךְ מַאנְכֶע גֶעחַאפְּט אוּנ זַיין גֶעוִוין אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען אַטִיכְטִיגֶען קוּשׁ פוּן דֶעם מֶעדְכֶען וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעחַאפְּט, אַזוֹא שֵׁיין הָאט זִיךְ יעקב קֵיין מָאל נִישְׁט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט .

אָבֶענְד זַיינֶען דִיא גֶעסְט אַוֶועק גֶעפָאהרֶען , יעקב הָאט זִיךְ מִיט אַלֶע גֶעסְט פְּרַיינְדְלִיךְ אָבְּגֶעזֶע- גֶענְט אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין ווירְטְס הויז שְׁלָאפֶען , הָאט פְּרִיהֶער זַיין גֶעבֶּעט פֶערְרִיכְט אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיפִין בֶּעט גֶעלֵייגְט אוּים רוּהֶען .

### 3.

יעקב אִיז מָאנְטָאג גַאנְץ פְּרִיא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ גֶאכְדֶעם אַז עֶר הָאט דִיא תְּפִלִּין אָנְגֶעטָאהן אוּנ גֶעדַאוֶוענְט, הָאט עֶר גֶענוּמֶען זַיין בִּינְדִיל סְחוֹרָה אוּנ אִיז צוּ דִיא בּוֹיעֶרְן גֶעגַאנְגֶען וֶועלְכֶע הָאבִּין גֶעכְטִין

 בייא

בַּייא אִיהם בֶּעשְׁטֶעלְט, אוּנ וַוייל זַייא הָאבִּין זָאנְטָאג גֶעזֶעהֶען דֶעם כָּבוֹד וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם גֵייסְטְלִיכֶען, הָאבִּין זַייא זִיךְ מִיט אִיהם גָאר נִישְׁט גֶעדוּנְגֶען אוּנ הָאבִּין אִיהם גוּט בֶּעצָאהלְט, אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם צְוֵייטֶען דָארְף, אִין גֶעמְטֶעלְשְׁטָאט, אָבֶּער דָארְטִין הָאט אִיהם נָאךְ אַנְדֶערֶע סֶערֶע אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג עֶרְוַוארְטֶעט, זַיין גוּטֶער פְרַיינְד האנס מאטיאס הָאט זַיינֶע טָאכְטֶער פֶערְהֵייַראט אוּנ גְרַאד אִין דִיעזֶעם טָאג אִיז דִיא הָאכְצַייט גֶעוֶועזֶען, דִיא גְלָאקְקֶע הָאט גֶעקְלוּנְגֶען אוּנ דִיא הָאכְצַייטְסְ-לַייט זַייגֶען גָאר וָואס פוּן דֶער קִירְכֶע גֶעגַאנְגֶען, גֶעסְט זַיינֶען גֶעוֶועזִין פֶערְזַאמִילְט פוּן וַוייט אוּנ נָאנְט, דֶען דֶער האנס מאטיאס אִיז גֶעוֶועזִין זֶעהֶער אַיין אָרֶענְטְלִיכֶער מַאן אוּנ הָאט פִיל פְרַיינְד גֶעהַאבְט, אוֹיךְ יעקב אִיז נָאךְ מאטיאס הוֹיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנ מִיט אַפְרַיינְדְלִיכֶען גֶערִים אִיז יעקב גֶעוָוארִין עמְפְּפַאנְ-גֶען פוּן אִיהם אוּנ פוּן אַלֶע פֶערְזַאמֶעלְטֶע. דָא אִיז אוֹיךְ יעקב ראזענבליטה גֶעקוּמֶען הָאט יֶעדֶר גֶעשְׁרִיעֶן, אוּנ פוּן אַלֶע זַייטִין הָאט מֶען אִיהם דִיא הֶענְד גֶעשְׁטֶעקְט, עֶס אִיז פְּרֶעכְטִיג פוּן דִיר דָאס דוּ הָאסְט דַיינֶע רַייזֶע גְרַאדֶע הַיינְט דוּרְךְ אוּנְזֶער דָארְף גֶע-מַאכְט, דוּא מוּזְט צוּ הָאכְצַייט בְּלַייבֶּען אוּנ דֶער

בַּייא וָועסְטוּ אויךְ אַגוּטֶען הַאנְדִיל מַאכִין, קוּם אִיךְ וָועל דִיךְ פָארְשְׁטֶעלִין פַּאר חָתָן כַּלָה. מאטיאס הָאט יעקב'ן בַּיים אָרֶעם אָנְגֶענוּמֶען אוּנ הָאט אִיהם צוּ גֶעפִּירְט צוּ דֶעם בְּרוֹיטְפָּאאר, דִיא בְּרוֹיט אִיז גֶע-וָועסִין מִיט גָאלְד אוּנ זִילְבֶּערְבּוּנְדִין בֶּעדֶעקְט אוּנ אַיין בְּרֵייטֶער קְרַאנְץ אִין דִיא הָאאר אַיינְגֶעפְלָאכְטִן, יעקב הָאט זַייא גְרַאטִילִירְט, יֶעצְט הָאט זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען דִיא גֶעשָׁענְקֶע פַּאר דִיא כַּלָה, דֶער שְׁפַּאסְמַאכֶער הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיפִין טִישׁ אִין מִיטִין שְׁטוּב אוּנ הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען: דֶער אוּנ דֶער הָאט גֶעשֵׁייְנְקְט צְוֵייא דוּקַאטִן, דֶער אַזוֹיא פִיל, דֶער אַ אָקְס דֶער אַ קוּא, אַזוֹי הָאט גֶעדְרוֹיֶערְט אַפָּאר שְׁטוּנְדֶען, יעקב הָאט זִיךְ בֶּערֶעכִינְט עֶר וָועט אוֹיךְ דָא עֶפֶּעס שֵׁייְנְקֶען, עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּא זַיין פַּאק אוּנ הָאט אַרוֹיס גֶענוּמֶען אוֹירִינְגֶען, אַ בְּרָאנְזָאלֶעט אַ הַאלְזְקֶעטֶע אוּנ קַארָאלְלֶען אוּנ הָאט דֶערְלַאנְגְט דֶעם אוֹיסְרוּפֶער, דֶער הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען לוֹיט יעקב ראזענבליט שֶׁענְקְט דֶער בְּרוֹיט אַ פָּאר גָאלְדֶענֶע אוֹיעֶרְרִינְגֶן אוּנ אַ הַאלְזְקֶטֶע אוּנ צְוֵייא קָאלְלֶערְרִינְגֶען צוּם שְׁפִּיעלֶען פַּאר דִיא קִינְדֶער, אַ גֶעלֶעכְטֶער אִיז אוֹיסְגֶעבְּרָאכִין פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, עֶס אִיז בְּרַאךְ פוּן יעקב הָאבִּין זַייא גֶעשְׁרִיעֶן פוּן אַלֶע זַייטֶען, אוּנ הָאט נַאכְהֶער

גוּטֶע גֶעשֶׁעפְּטֶע גֶעמַאכְט, אַלֶע הָאבֶּען בַּייא אִיהם גֶעקוֹיפְט , אוּנ בַּאאַרֶעס גֶעלְד אִיז אִין דִיא טַאש גֶעפְלַייגֶען , נַאכְהֶער הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע גֶעסְטֶע צוּם טִישׁ גֶעזֶעצְט , יעקב אִיז גֶעזֶעסִין אוֹיבִּין אָן, גֶעבֶּען אִיהם הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אַ אַלְטֶער גְרַייזְגְרָאעֶר בּוֹעֶר פְּרִיץ קאפּע פוּן שְׁוֶועטְכֶען, וִויא דֶער אַלְטֶער אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען הָאבִּין אַלֶע גְרוֹיס רֶעשְׁפֶּעקְט גֶעהַאט פַאר אִיהם , אוּנ הָאבִּין אִיהם כָּבוֹד בֶּעוִויזֶען , וַוייל דִיעזֶער אַלְטֶער אִיז גֶעוֶועזִין זַייעֶר גֶעאַכְטֶעט צְוִוישֶׁען דִיא בּוֹיעֶרן, דֶער אַלְטֶער הָאט זַיין שֶׁבֶן אַבִּיסִיל אָנְ-גֶעקוּקְט אוּנ הָאט מִיט פְרֵייד אוֹיסְגֶערוּפֶען פאצְדָאנֶער וֶועטֶער דוּא בִּיסְט אַזוֹי קְלוּג אוּנ שֵׁיין גֶעוָוארִין , אוּנ הָאבּ נִישְׁט דִיא זְכִיָּה גֶעהַאט דָאס דֶער זוּהן פוּן מַיין בֶּעסְטֶען פְרַיינְד מאזים זָאל אִין שוועטכען קוּמֶען ? הָאסְטוּ קַיין מָאל פוּן פְּרִיץ קאפּע נִישְׁט גֶעהֶערְט . בֶּעסְטֶער הֶערר הָאט יעקב גִיעֶנְטְפֶערְט בֶּעשֶׁעהמְט, מַיינֶע מוּטֶער הָאט מִיר שׁוֹין פִיעל מָאל גֶעזָאגְט דָאס אִיךְ זָאל גֶעהֶען נָאךְ שוועטכען , וַוייל דָארְט הָאט מַיין פָאטֶער גוּטֶע גֶעשֶׁעפְטֶע גֶעמַאכְט , אָבֶּער נִישְׁט אִיךְ נִישְׁט מַיינֶע מוּטֶער וֵוייס דָאס אִיהר זַייט מִיט מַיינֶעם לִיעבֶּען פָאטֶער בֶּעפְרַיינְדֶעט גֶעוֶועזִין , עֶרְ-צֶעהלְט מִיר בֶּעסְטֶער הֶערר פוּן מַיין פָאטֶער, דֶען אִיךְ

בּין נאָך אַ קינד געוועזין ווען ער איז געשטאָרבּען.
יאַ דאָס קאָן אויך דיין מוטער נישט וויסען
האָט דער אַלטער גיענטפערט, אונזערע פריינדשאַפט
פּאַטירט נאָך פון פריהערע צייט, איך וועל דיר
אַלעס גענוי ערצעהלען, דיינעם פאָטער איז אַם אָנ-
פאַנג זעהר שלעכט געגאַנגען, מיט אַבּיסיל שפּילקעס
אונ אַפּאָר שטיקלאַך באַנד האָט ער אָנגעהויבּין צוא
האַנדלען, אָבּער ער איז געוועזין אַהויפּט עהרליכער
מאַן, אונ האָט באַלד בּעקומען צוטרויען, דאָס
שענסטע פון איהם איז מיר געפעלין געוועזין דאָס
ער האָט געהאַלטין שטרייננג זיינע רעליגיאָן, דוא
בּיסט שוין אַבּיסיל אויפגעקלעהרט יעקב, אָבּער דיין
פאָטער האָט צום מאָל קיין מילך נישט געוואָלט
בּייא אונז טרינקען, דיא נאַנצע וואָך האָט ער נאָר
געלעבּט מיט אַ שטיקיל טרוקען בּרויט קאַרטאָפעל
אונ אייער, ער האָט זיך בּעגנינגט מיט אַלץ, ער
איז מיר אימער אַווילקאָמענער גאַסט געוועזין דען ער
האָט מיר פיל ערציילט פון דער שטאָט, אונ ווען
מיר האָבּין עפּעס געדאַרפט אין שטאָט האָט ער
אַלץ פינקטליך פערריכט, ווינטער האָט ער בּיי אונז
אַ וואַרעמע בּעט געפונען אונ זומער רייניע קיהלע
הייא, ער האָט זיך פערלויבּט מיט דיא טאָכטער פון

אַ אָרֶעמֶען שְׁלוּקֶער, זִיא הָאט גֶעהֵייסִין טויבע, דַיינֶע מוּטֶער אִיז שׁוֹין דִיא צְוֵוייטֶע פְּרוֹיא גֶעוֶועזִין, מאזים אִיז אַמָאל גֶעקוּמֶען וִויא גֶעוָואהנְלִיךְ צוּ מִיר אויף קְוַואטִיר אָבֶּער עֶר הָאט זֶעהר שְׁלֶעכְט אוֹיסְגֶעזֶעהֶען, אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעבֶּען אִיהם בַּיים טִישׁ גֶעזֶעצְט אוּנ הָאבּ צוּא אִיהם גֶעזָאגְט מאזים וָואס אִיז מִיט דִיר דוּא זֶעהֶעסְט דָאךְ אַזוֹי שְׁלֶעכְט אוֹיס. אִיךְ בִּין טוֹיט בֶּעסְטֶער פְרַיינְד הָאט עֶר מִיר גֶיעֶנְטְפֶערְט . בִּיסְטוּ פֶערְרִיקְט הָאבּ אִיךְ צוּ אִיהם גֶעזָאגְט , אִיךְ זֶעהֶע דָאךְ דָאס דוּא לֶעבְּסְט. נֵיין פְרַיינְד אִיךְ בִּין טוֹיט , אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגִין אַז אַיין אָרֶעמַאן אִיז גֶערֶעכִינְט וִויא אַטוֹיטֶער, אַ טוֹיטֶער קֶען מֶעהר קֵיין הַאנְד אוּנ קֵיין פוּס נִישְׁט בֶּעוֶועגִין אוּנ אִיךְ קֶען אוֹיךְ נִישְׁט מַיינֶע גְלִיעדֶער בֶּעוֶועגִין , אִיךְ קֶען נִישְׁט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט מַיין כַּלָה, אוּנְזֶערֶע גֶעמֵיינְדֶע ווִיל מִיךְ נִישְׁט אוֹיפְנֶעהמֶען צְווִישִׁין זֵייא וַוייל אִיךְ בִּין אָרֶעם אוּנ זֵייא הָאבֶּען מוֹרָא אִיךְ זָאל זֵייא צוּא לַאסְט נִישְׁט פַאלֶען , בִּין אִיךְ נִישְׁט וִויא אַ טוֹיטֶער ? אָבֶּער זָאג מִיר הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעפְרֶעגְט וִויא פִיל דַארְפְסְטוּ דָאס דוּא זָאלְסְט צוּרִיק הֵייסֶען אַלֶעבֶּעדִיגֶער . 60 טְהַאלֶער בְּרוּיךְ אִיךְ, דֶערְמִיט וָואלְט אִיךְ שׁוֹין גֶע־קֶענְט חֲתוּנָה הָאבִּין אוּנ מַיין גֶעשֶׁעפְט אַבִּיסִיל פֶערְ־

גְרעסֶערין, אִיךְ בִּין גְלַייךְ צוּא מַיין שַׁאנְק צוּגֶעגַאנְגֶען
הָאבּ אַרוֹיס גֶענוּמֶען 60 בְּלַאנְקֶע טָאהלֶער אוּנ הָאבּ
צוּא אִיהם גֶעזָאגְט, הִיער הָאסְטוּ מאזים דַיינֶע גֶע-
ווִינְשֶׁע 60 טְהָאלֶער אוּנ וֶוען גָאט וֶועט דִיר הָעלְפִין
וֶועסְטוּ מִיר זֵייא אָבְּגֶעבִּין, פְּרָאצֶענְט פֶּערְלַאנְג אִיךְ
בַּייא דִיר נִישְׁט, אוּנ אַנֶועכְּסִיל ווִיל אִיךְ בַּייא דִיר
אוֹיךְ נִישְׁט, אִיךְ ווַייס דוּא בִּיסְט אַ עֶהְרְלִיכֶער מַאן.
מאזים הָאט מִיךְ פַאר אַ גֶעטְלִיכִין עֶנְגֶעל בֶּעטְרַאכְט,
אוּנ הָאט פוּן גְרוֹיס פְרֵייד נִישְׁט גִיקֶענְט שְׁפְּרֶעכֶען,
אַזַא שְׁנֶעלֶע הִילְף הָאט עֶר בַּייא פְּרִיץ קאפּע נִישְׁט
עֶרְוַוארְטֶעט, עֶר הָאט בַּאלְד זַיין גֶעשֶׁעפְט פֶּערְגְרֶע-
סֶערְט אוּנ הָאט אִין זַיין גֶעשֶׁעפְט פִיל גְלִיק גֶעהַאט,
אָבֶּער הֵייַראטְהֶען הָאט עֶר דָאךְ נִישְׁט גִיקֶענְט, ווַייל
דִיא גֶעמֵיינְדֶע אִיז אִיהם גֶעווֶעזִין דַאגֶעגִין, אָבֶּער
דֶערְצוּ אִיז אוֹיךְ אַ עֶצָה גֶעוֶועזִין, אִין דִיעזֶער צַייט
הָאבֶּען מִיר דַאמָאלְם אַיין קִירְכֶע אִין אוּנְזֶער דָארְף
גֶעבּוֹיט, אוּנ דֶער גְנֶעדִיגֶער פִירְשְׁט הָאט אַלֵיין דֶעם
פְּלַאן דֶערְצוּ גֶעמַאכְט אוּנ הָאט מִיט פִיל גֶעלְד אוּנְ-
טֶערְשְׁטִיצְט, אִיךְ בִּין דַאמָאלְם דֶער שְׁטַארֶעסְטֶע פוּן
דָארְף גֶעוֶועזִין, אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט אוֹיפְזִיכְט
אִיבֶּער דֶעם בּוֹיא פוּן דִיא קִירְכֶע, דֶער פִירְשְׁט
הָאט גֶעווָאלְט אַז דִיא קִירְכֶע זָאל זַיין פַארְטִיג וֶוען

עס באמ״ל

עֶס וֶועט זַיין דֶער גֶעבּוּרְטסְטָאג פוּן זַיינֶער פְרוֹיא וַוייל עֶר הָאט אִיהר דֶערְמִיט גֶעוָואלְט אִיבֶּערְרַאשִׁין, דְרוּם הָאט דֶער פִּירְשְׁט צוּא מִיר גֶעזָאגְט הֶערר קַאפּע ! ווֶען דיא קִירְכֶע וֶועט פַארְטִיג זַיין צוּ דיעזֶעם טָאג ווֶעל אִיךְ אַייךְ דַאנְקְבַּאר זַיין, אִיךְ הָאבּ מִיךְ נַאטִירְ-לִיךְ בֶּעמִיהט דֶעם ווִילֶען פוּן אוּנְזֶער גְנֶעדִיגֶען פִּירְ-שְׁטֶען צוּ עֶרְפִילֶען, אוּנ אַקוּרַאט צוּם זֶעלְבִּיגֶען טָאג אִיז דיא קִירְכֶע פַארְטִיג גֶעוָוארִין. דֶער גְנֶעדִיגֶער פִירְשְׁט אוּנ דיא גְנֶעדִיגֶע פִּירְשְׁטִין זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִין דיעזֶעם טָאג צוּ אוּנְז צוּ פָאהרֶען אוּנ עֶר אִיז פוּן מִיר הֶעכְסְט צוּפְרִיעדֶען גֶעוֶועזִין, אִיךְ הָאבּ בֶּעשְׁטֶעלְט דַיין פָאטֶער עֶר זָאל אוֹיךְ דֶערְבַּייא זַיין, דֶער פִּירְשְׁט הָאט צוּא מִיר זֶעהֶער גְנֶעדִיג גֶעשְׁפְּרָאכִין אוּנ הָאט גֶעזָאגְט נוּא הֶערר קַאפּע פִילַייכְט הָאבִּין זִיא עֶטְווָאס אַ בִּיטֶע צוּ מִיר ווֶעל אִיךְ גְלַייךְ עֶרְפִילֶען, דוּרְכְלוֹיכְט הָאבּ אִיךְ צוּא אִיהם גֶעזָאגְט פַאר מִיר הָאבּ אִיךְ נִישְׁט וָואס צוּ בִּיטֶען נָאר פַאר דִיזֶען יוּדִין מַיינֶעם בֶּעסְטִין פְרַיינְד ווייל אִיךְ בִּיטֶען, גֶעבִּין זִיא אִיהם שׁוּטְץ אִים לַאנְדֶע, עֶר פֶערְדִינְט דָאס, עֶר אִיז אַיין בְּרַאוֶוער קֶערְל, דֶער פִּירְשְׁט הָאט גֶעשְׁמֵייכֶעלְט אוּנ הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט נוּט זָאל עֶר דִי בִּיטֶע שְׁרִיפְטְלִיךְ אָבְּגֶעבִּין, אַזֵייא אִיז גֶעוֶועזִין, מאזים אִיז גֶעוָוארִין

אוּיפְגֶענוּמֶען	דאמ״ל

אויפְגֶענוּמֶען אִים לַאנְד אוּנ טייבכען אִיז זֵיין וַוייבּ גֶעוָוארִין, עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מַיין גַאסְט וִויא פְרִיהֶער, הָאט מִיר אוֹיךְ רִיכְטִיג אוים גֶעצָאלְט מַיין גֶעלְד, זַיין וַוייבּ טייבכען הָאט אִיהם אַ זוּהן גֶעבָּארִין אֵיין ווִילְדֶער בְּעַנְגִיל, וֶוען עֶר אִיז 17 יַאהְרֶע אַלְט גֶע-וֶועזִין אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא פְרַאנְצוֹיזִין נָאךְ רוּסְלַאנְד אוּנ אִיז נִישְׁט מֶעהר צוּרִיק גֶעקוּמֶען׃

דַאמָאלְס זַיינֶען אויף אוּנְז דִיא שְׁוֶועְרֶע קְרִינְס-יַאהְרֶען גֶעקוּמֶען, דֶער פְרַאנְצוֹיז אִיז אוּנְזֶער לַאנְד בְּעפַאלֶען, אוּנ הָאט זִיא פֶערְוִויסְט, אויךְ אוּנְזֶער דָארְף אִיז נִישְׁט פֶערְשׁוֹינְט גֶעבְּלִיבֶּען, נַאכְדֶעם וִויא זֵייא הָאבִּין אַלֶעס גֶערוֹיבְּט הָאבִּין זֵייא דֶעם דָארְף אָנְגֶעצוּנְדִין אוּנ אַלְץ פֶערְבְּרֶענְט, אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיְט זָעהֶען מִיט מַיינֶע אוֹיגְין וִויא מַיין פְּרַאצֶע וָואס אִיךְ הָאבּ דַארוֹיף גֶעהָארֶעוֶועט יָאהְרֶענְלַאנְג אִיז אִין אַשֶׁע פֶערְקֶעהְרְט גֶעוָוארְן, אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טָאהן פוּן פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג, אָבֶּער דֶער גוּטֶער פְרַיינְד קוּמְט אִימֶער אִין דֶער נוֹיט, שְׁטֶעהֶענְדִיג אַזוֹי פֶערְזָארְגְט אִיז מאזים צוּ מִיר גֶע-קוּמֶען אוּנ הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט קאפּע נָאט וֶועט הֶעלְפִין, הִיעֶר הָאסְטוּ 200 טְהָאלֶער וָואס אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר גֶעבָּארְגְט, הוֹיבּ אָן וִויעדֶער דַיין הויז אויף

צוּבּוֹיעֶן, גָאט וָועט הֶעלְפֶען. דיא פְרַאנְצוֹיזִין זַיינֶען גֶעוָוארִין אַרוֹים גֶעיָאגְט פוּן לַאנְדֶע, אוּנ מִיר הָאבִּין אוּנְז וִויעדֶער אָן אוּנְזֶערֶע אַרְבַּייט גֶענוּמֶען, מאזים הָאט מִיר אִין אַלֶע אַרְבַּייטִין גֶעהָאלְפֶין אוּנ הָאט מִיר אוֹיךְ מִיט זַיין רַאטְה זֶעהר פִּיל גֶעדִינְט, אוֹיךְ אִיז מַיינֶע טָאכְטֶער עליזאבעט זֶעהר קְרַאנְק גֶעוֶועזִין, עֶר הָאט זִיא צוּ זִיךְ אִין שְׁטָאט גֶענוּמֶען אוּנ עֶר מִיט זַיין וַוייבּ הָאבֶּען זִיא גֶעהַאלְטִין וִויא אַיין אֵייגֶענְ-קִינְד בִּיז זִיא אִיז צוּ דִיא קְרֶעפְטִין גֶעקוּמֶען אוּנ אַז עֶר הָאט מִיר מַיינֶע טָאכְטֶער צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט הָאבּ אִיךְ זִיא כִּמְעַט גָאר נִישְׁט עֶרְקֶענְט, נָאךְ אֵיינִיגֶער צַייט אִיז טויבע גֶעשְׁטָארְבִּין אוּנ עֶר הָאט גֶעהֵייַראט דַיינֶע מוּטֶער בלומע, נוּא יעקב אִיךְ הָאבּ דִיר פוּן דַיין פָאטֶער אַלְץ עֶרְצֶעהלְט, קוּם שְׁנֶעל צוּ אוּנְז אוּנ דוּא וָועסְט פוּן דֶער אֵייגֶענֶער טַאסֶע טְרִינְקֶען פוּן וֶועלְכֶע דַיין פָאטֶער הָאט גֶעטְרוּנְקֶען אוּנ וֶועסְט שְׁלָאפִין אִין דִיא זֶעלְבֶּע בֶּעט אִין וֶועלְכֶע דַיין פָאטֶער הָאט גֶעשְׁלָאפִין. יעקב אִיז נִישְׁט זַאט גֶעוָוארִין הֶערֶענְדִיג וָואס דֶער אַלְטֶער הָאט אִיהם עֶרְצֶעהלְט, עֶר הָאט אִיהם טוֹיזֶענְד פְּרַאגֶען פָארְגֶעלֶעגְט אִים בֶּעטְרֶעף פוּן זַיין פָאטֶער, עֶר הָאט גָאט גֶעדַאנְקְט וָואס עֶר הָאט אִיהם צוּגֶעשִׁיקְט דֶעם אַלְטֶען עֶר

זָאל איהם עֶרְצֶעהלִין פון זַיין פָאטֶער וָואס עֶר הָאט
אִיהם כִּמְעַט אַזוֹי וִויא גָאר נִישְׁט גֶעקֶענְט.

## 4.

דֶער טָאג איז זֶעהר שֵׁיין גֶעוֶועזִין, אוּנ וַוייל
עֶר הָאט גֶעווּאוּסְט דָאס דִיא בּוֹיעֶרִין פָאהרֶען אִין
שְׁטָאט אוֹיפִין מַארְק, הָאט עֶר צוּ זַיינֶע מוּטֶער
אַ בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט דִיזֶע וֶוערְטֶער, לִיבֶּע מוּטֶער!
אִיךְ בֶּעפִינְדֶע מִיךְ ווָאהל, דָאס גֶעשֶׁעפְט גֶעהט
זֶעהר גוּט, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אִיבֶּער דִיא הֶעלְפְטֶע פוּן
מַיינֶע וַואארֶע פֶערְקוֹיפְט, צְוֵוייא טֶעג הָאבּ אִיךְ
עֶרְלֶעבְּט פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ וֶועל דִיר נָאךְ לַאנְג צוּ
עֶרְצֶעהלֶען הָאבֶּען, אַזוֹ פִּיל כָּבוֹד וִויא אִיךְ הָאבּ
גֶעהַאט הָאט נָאךְ קֵיין הוֹיזִירֶער נִישְׁט גֶעהַאט אוּנ
אַזוֹ פִּיל פְרֵייד הָאבּ אִיךְ נָאךְ אוֹיף מַיין גַאנְצֶען
לֶעבֶּען נִישְׁט גֶעהַאט, אִיךְ בִּין כִּמְעַט אַיין אַנְדֶער
מֶענְשׁ גֶעוָוארֶען אָבֶּער זַייא אוּנְבֶּעזָארְגְט, נָאט אוּנ
אוּנְזֶער הֵיילִיגֶען גְלוֹיבִין הָאבּ אִיךְ שְׁטֶענְדִיג אִים
הֶערְצֶען, אוּנ גֶעה נִישְׁט אָבּ פוּן זַיינֶע וֶועגֶען נִישְׁט
רֶעכְטְס נִישְׁט לִינְקְס, לִיעבֶּע מוּטֶער בַּאלְד בִּין אִיךְ
בַּייא דִיר, שִׁיק מִיר נַייֶע סְחוֹרָה נָאךְ עֶנְגֶערְלַיין אַוואוּ
אִיךְ וֶועל דָאנֶערְשְׁטָאג זַיין, דִיא בּוֹיעֶרִין וֶועלִין דִיא

סְחוֹרָה מִיט גֶעהמֶען, דַיין טְרַייֶער זוהן יעקב.

אוּנְזֶר יעקב הָאט זִיךְ מִיט דִי גֶעסְט אוּנ אַלֶע חֲתוּנָה לַייט אָבְּגֶעזֶעגִינְט, הָאט זַיין פֶּעקִיל גֶענוּמֶען אוֹיף זַיין פְּלֵייצֶע אוּנ הָאט זַיינֶע רֵייזֶע וַוייטֶער גֶעמַאכְט, דָער וֶועטֶער הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדֶערְט, דִיא זוּן הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ לַייכְטִין, אוּנ אַ רֶעגֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּ טְרִיפֶּען אַם אָנְפַאנְג גַאנְץ לַייכְט אָבֶּער דָער נָאךְ שְׁטַארְקֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער, אוּנ דָאנֶער אוּנ בְּלִיצֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעוִויזֶען, אָבֶּער יעקב אִיז דָער פַּאר וֶועניג גֶעוָוארִין עֶרְשְׁרָאקֶען, מֶעהר אִיז אִיהם שְׁלֶעכְט צוּם מוּטְה גֶעוֶועזִין אַז עֶר הָאט גֶעבְּרוֹיכְט פַּאר בַּייא גֶעהֶען דִיא פְּרֵייכְסִישֶׁע גְרֶענִיץ, אוּנ אַמָאל נִישְׁט ווִילֶענְדִיג קֶען מֶען אִיבֶּער דִיא גְרֶענִיץ אַרִיבֶּער דָא הָאט אִיהם גֶעקֶענְט עֶרְגֶער זַיין וַוייל דִיא פְּרַייסִישֶׁע רֶעגִירוּנְג הָאט פֶּערְבָּאטֶען צוּ הוּזִירֶען, אוּנ וֶוען מֶען הָאט אַזַא פֵּייגִיל גֶעחַאפְּט אִיז אִיהם וָואהל גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער אוֹיךְ גוּט גֶעהִיט עֶר זָאל נִישְׁט אַרֵיינְפַאלֶען, עֶר אִיז בֶּעסֶער גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער זוּמְפֶּען בְּלָאטֶעס אוּנ אַיין גְרוֹיסֶען וֶועג אָנְגֶעלֵייגְט אַבִּי עֶר זָאל נִישְׁט בְּרוֹיכִין צוּ גֶעהֶען בַּייא דִיא גְרֶענִיץ, בַּאלְד אִיז אִיהם פְּרֵייליבֶער גֶעוָוארִין, דֶען עֶר הָאט גֶעטְרָאכִין נָאךְ

איינעם גֶעהֶענְדִיג אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען וֶועג וואו עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, דֶער אִיז גֶעוֶועזִין אַ בִּיכֶער פֶּערְקוֹיפֶער אַיין קַאמִיסְיָאנֶער פוּן אַיין גְרוֹיסֶען בִּיכֶער גֶעשֶׁעפְט אִין בערלין, דִיא אוּנְבֶּעקַאנְטֶע הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע אָנְגֶעשְׁלָאסִין אוּנ הָאבֶּען זִיךְ פַאנַאנְדֶערְגֶערֶעט, הָאט דֶער בִּיכֶער קַאמִיסְיָאנֶער בַּאלְד בֶּעמֶערְקְט דָאס עֶר הָאט נִישְׁט צוּ טְאהן מִיט אַיין גֶעוֶואהנְלִיכִין הוֹי־זִירֶער, עֶר אִיז אוֹיךְ פִּיל גֶעבִּילְדֶעט הָאט עֶר צוּ אִיהם מֶעהר צוּטְרוֹיעֶן בֶּעקוּמֶען, יעקב הָאט אִיהם אוֹיךְ עֶרְצֶעהלְט אַז עֶר הָאט בֶּעאַרְבֵּייטֶעט אַיין מֶעטְהָאדֶע אִין דֶער דָאפֶּעלְטֶער בּוּכְפִיהרוּנְג אִין קְלֵיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אוּנ דֶער קַאמִיסְיָאנֶער הָאט אִיהם אָנְגֶערֶעט עֶר זָאל זַיין וֶוערְק פֶערְפֶערְטִיגִין אוּנ זָאל צוּ אִיהם צוּשִׁיקֶען אִין בערלין וֶועט עֶר פַאר אִיהם גֶעפִינֶען אַ קוֹיפֶער. דֶער רֶעגֶען הָאט נָאךְ אִימֶער גֶעגָאסִין, אוּנ דֶער בִּיכֶער הֶענְדְלֶער הָאט שׁוֹין קַיין כֹּחַ נִישְׁט גֶעהַאט צוּ גֶעהֶען, פוּן אַדָארְף אִיז נָאךְ וַוייט גֶעוֶועזִין, אָבֶּער יעקב הָאט אִיהם מוּטְה גֶעמַאכְט עֶר זָאל זִיךְ נִישְׁט אָבְּלָאזִין בִּיז וַואנֶען זֵייא וֶועלִין קוּמֶען אִין וַואלְד דָארְטִין וָואהנְט אַיין קוֹילֶענְבְּרֶענֶער וֶועלִין זֵייא קֶענֶען בֵּייא אִיהם אִיבֶּערְנֶעכְטִיגִין אוּנ דִיא קְלֵיידֶער אוֹיסְטְרִיקֶענֶען,

זייא זיינען דאָרטין ווירקליך באַלד אָנגעקומען דער רעגען האט אויפגעהערט, מען האָט אַריין געבראַכט פרישע שטרויא דער בערלינער האָט זיינע קליידער געלאָזט טריקענען אונ האָט זיך אויף דיא שטראָה אנידערגעלעגט שלאָפין, דיא נאַכט איז געוואָרען העלל, דיא לבנה האָט אָנגעהויבין צו שיינען, אונ יעקב איז אַביסיל אַרוים אויף דיא פרייע לופט מיט דעם קוילענברענער, נישט ווייט פון דאָרט איז געשטאַנען אַ חורבה פון איין אַמאָליגען גרויסען שלאָס וואָס דארין האָט געוואָהנט אַ ריטטער, זייא האָבען זיך ביידע נעזעצט בייא דער חורבה אויף אַ שטיין, אונ זיינען אַ לאַנגע צייט שטיל געזעסין, יעקב האָט אין הארצין געלאַכט אויף דעם בערלינער דאָס ער ליגט אונ שנאַרכט אין דער קליינער שטיביל, בשעת אין דרויסין איז אַזוי שיין אַזוי הערליך, דער שוואַרצער קוילענברענער האָט דיא שטיללקייט אונטער בראָכען.

יעקב גלויבסט דוא אָן רוחות אונ נאַכטגייסטער.

נאט בעהיטע אונז, איך גלויב אפילו אָן גייסטער, נאט איז דער גרעסטער גייסט אויך דיא נשמות פון דיא געשטאָרבענע קענען מיט אונז אין פערבינדונג בלייבען איבער דיא ערד שוועבען אונ

בּליקען אויף זייערע גֶעליבּטען וָואס זיינֶען דָא איבֶּער גֶעבּליבֶּען, אָבֶּער אָן שֵׁדים אונ טַייוָואלים גְלויבּ איך נישט.

הָאסט דוא נישט גֶעהֶערְט פוּן דֶעם יודענגַייסט וָואס גֶעהט אַרום אויף דִיא לַאנדְשַׁאפְטֶע גֶעבֶּען דִיא פיכטֶענְבּוימֶען:

עֶרְצֶעהלֶע נָאר איך וִויל הֶערֶען הָאט יעקב מיט נַייגִיער גֶעפְרֶעגְט.

פְרִיהֶער מוּז איך דִיר דִי גֶעשִׁיכְטֶע עֶרְצֶעהלֶען, דָא אין דיעזֶעם שְׁלָאסס הָאט גֶעווֹאוינְט אַ רִיטְטֶער הַאנס פוּן קוֹצצענדארף, אַווילדֶער מֶענְשׁ פוּן שְׁלֶעכְטֶעם כַארַאקְטֶער, אַ רויבֶּער אונ אַ מֶערְדֶער, זַיין גֶעשֶׁעפְט איז גֶעוֶועזֶען צוּא לִיעגֶען מיט זַיינֶע חֶבְרָה אויפִין וֶועג אוּנ וֶוען אֵיינֶער איז פָארְאיבֶּער גֶעפָּאהרֶען זַיינֶען זֵיי אִיהם בֶּעפַאלֶען הָאבֶּען אִיהם בֶּערויבְּט, אוּנ הָאבֶּען אִיהם אִין קֶעלֶער אַרוּנְטֶער גֶעלָאזִין בִּיז עֶר איז דָארְט פוּן הוּנְגֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען, דִי גַאנְצֶע גֶעגֶענְד איז דוּרְךְ דֶעם פּוֹסְט גֶעבּליעבֶּען, מֶען הָאט דָארְטִין קַיין מֶענְשֶׁען נִישְׁט אָנְגֶעזֶעהֶען, אֵיינְמָאל איז דָא גֶעקוּמֶען בַּייא נַאכְט אַיין אַלְטֶער יוּדֶע מיט אַיין שֵׁיינֶעם מֶעדְכֶען, מֶען הָאט אִיהם אִין דֶער שְׁטָאט גֶעוָוארִינְט עֶר זָאל בַּייא נַאכְט דוּרְךְ דֶעם וַואלְד נִישְׁט

גֶעהֶען אָבֶּער עֶר הָאט נִישְׁט גֶעהָארְכְט, אוּנ דֶעם מַאן אִיז נִישְׁט הֵיימְלִיכֶעס גֶעוֶועזִין, זַייא הָאבֶּען מִיט קֵיינֶעם אַ וָוארְט נִישְׁט גֶעשְׁפְּרָאכֶען, דֶער אַלְטֶער הָאט אַ פִּילְצְהוּט אוֹיפִין קָאפּ גֶעטְרָאגִין אוּנ אַ לַאנְגֶען שְׁוַוארְצֶען רָאק, אַ לַאנְגֶער בְּרוֹינֶער בָּארְד הָאט גֶע-גְרֵייכְט בִּיז צוּם גִירְטִיל, דָאס מֶעדְכֶען הָאט גֶעהַאט לַאנְגֶע צֶעפּ אוּנ גֶעטְרָאגֶען אַ שְׁוַוארְצְוָואלֶענֶעם קְלֵייד, וְוִיא דֶער מַאן אִיז גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דֶעם וַואלְד אִיז דֶער רִיטֶער אַרוֹיס גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען מִיט זַיינֶע חֶבְרָה פוּן וַואלְד.

וָוער בִּיסְטוּ? הָאט דֶער רִיטֶער אוֹיף אִיהם גֶעשְׁרִיעֶן, אָבֶּער עֶר הָאט נִישְׁט גִיעֶנְטְפֶערְט, הָאט דָאס מֶעדְכֶען גֶענוּמֶען בַּייא דֶער הַאנְד אוּנ אִיז ווַייטֶער גֶעגַאנְגֶען, דֶער רִיטֶער אִיז גֶעוָוארִין דַארִיבֶּער עֶרְצִירְנְט הָאט גֶעפַּאקְט דֶעם אַלְטִין בַּייא דִיא בְּרוּסְט אוּנ הָאט אִיהם נָאךְ אַמָאל גֶעפְּרֶעגְט וֶוער עֶר אִיז.

לָאז מִיךְ גֵיין הָאט דֶער אַלְטֶער זִיךְ גֶעבֶּעטִין, אִיךְ מוּז נָאךְ הַיינְט בַּייא נַאכְט זַיין אִין דֶער שְׁטָאט, גֶעהְמְט אַייךְ צוּא אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ נָאר לָאזְט מִיךְ ווַייטֶער, זָעהֶעט מַיינֶע טָאכְטֶער אִיז נַייסְטֶעס-קְרַאנְק ווַייל אוֹיף מִיר רוּהֶעט אַ חֵרֶם, אִיךְ מוּז נָאךְ הַיְינְטֶע פַאר צְוֶועלְפֶע נַאכְט בַּיים גְרוֹיסִין רַבִּי אִין

דער שטאט זיין ער זאל פון מיר דעם חרם אראבּ-
גענעהמען אונ מיין קינד צו בעפריינען, קום איך צוא
שפּעט איז א רייזע פון הונדערט מייל וואס איך האב
געמאכט פערפאלען אונ מיין קינד איז פערלארען.
דער ריטטער האט זיך שטארק פאנאנדער
געלאכט אונ האט צו איהם געזאגט, דוא ביסט
איין יודע איין שפּיצבוב אונ דוא ווילסט אונז מיט
דיינע באיקעס דעם קאפּ פערדרייען, גיב אהער דעם
רינג פון דיין פינגער.
אך דאס איז דער חתונה רינג פון מיינע פער-
שטארבענע פרויא, אבער געהמט איהם אונ לאזט
מיך געהען, לאזט מיך איילען צום רבי.
גיב אהער דיין בייטיל מיט געלד האט דער
ריטטער אויף איהם געשריען.
אך עס איז דאך מיין ביסעל רייזע געלד אונ
איך וויים נישט מיט וואס איך וועל צוריק קעהרען
אבער נעהמט דאס אויך נאר לאזט מיך פון
דאנען ציהען.
ציהע הין יודע מיט דיין חרם אבער דאס
מיידיל נעהמע איך מיר, איך וועל שון דעם גייסט
פון איהר ארויס טרייבען. דער אלטער מאן האט
זיך צו זיינע פיס געווארפין, אך ריטטער לאזט
 מיך

מִיךְ מַיין קִינְד מַיין אֵיינְצִיג קִינְד, זֶעהֶעט אִיךְ פֶערְשְׁפְּרֶעךְ אַייךְ, וֶוען זִיא בַּייא מִיר בְּלַייבְּט אוּנ אִיהר לָאזְט מִיךְ גֶעהֶען מַיין וֶועג זָאל אַייֶער שְׁלָאס בֶּעשְׁטֶעהֶען וִויא דֶער פֶעלְז בַּיים יַם אוּנ אַייֶערֶע קִינְדֶער אוּנ קִינְדְס קִינְדֶער זָאלִין אִיבֶּער דוֹיֶערִין דִיא גְרַאבֶען אוּנ פִירְשְׁטֶען פַאמִילְיֶען, אִיהר אַלַיין וֶועט גְנַאדֶע גֶעפִינֶען פוּן נָאט אוּנ רוּהֶע אִין אַייֶערֶע אַלְטֶע טֶעג, אָבֶּער דֶער רִיטְטֶער הָאט דָאס מֵיידִיל אָנְגֶענוּמֶען אוּנ הָאט גֶעוָואלְט זִיא אַרוֹיף זֶעטְצֶען אוֹיף דֶעם זָאטֶעל פוּן זַיין פֶערְד, אָבֶּער דֶער אַלְטֶער אִיז צוּגֶעלָאפִין צוּ זַיין טָאכְטֶער הָאט אִיהר אַרַיין גֶעשְׁטָאכִין אַ מֶעסֶער אִין דֶער בְּרוּסְט אוּנ אַ שְׁטְרָאם בְּלוּט אִיז אַרוֹיס גֶעקְוָואלֶען אוֹיפִין רִיטְטֶער אוּנ זִיא אִיז טוֹיט גֶעפַאלֶען, גְלַייכֶער זָאל זִיא טוֹיט זַיין אֵיידֶער זִיא זָאל אַרַיין פַאלֶען אִין דַיינֶע זִינְדִיגֶע הֶענְד, הָאט דֶער אַלְטֶער צוּ אִיהם גֶעזָאגְט. דֶער רִיטְטֶער אִיז גֶעוָוארִין צָארְנִיג, אוּנ הָאט גֶעשְׁרִיֶען דוּא פֶערְפְלוּכְטֶער קִינְדֶערְמֶערְדֶער דוּא זָאלְסְט דֶער פַאר בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערִין, הָאט דֶעם אַלְטִין גֶעלָאזְט בִּינְדֶען אוּנ הָאט אִיהם גֶעלָאזְט אַרַיין וַוארְפִין אִין קֶעלֶער, דֶער גְרַאף הָאט בֶּעפוֹילֶען מֶען זָאל אִיהם פַּיינִיגֶען אוּנ קְוֶועלֶען, דֶער רִיטְטֶער הָאט אִיהם

אַזוֹי לַאנְג גֶעפִּיינִיגְט בִּיז זַיין נְשָׁמָה אִיז אַרוֹיס אִין דִיא גְרֶעסְטֶע שְׁמֶערְצִין, פַאריִן טוֹיט הָאט דֶער אַלְטֶער צוּ אִיהם גֶעזָאגְט וַוארְט דוּא רָשָׁע דִיא שְׁטְרָאף וֶועט דִיךְ טְרֶעפִּין, וֶוען אִיךְ וֶועל מִיט מַיין קִינְד צוּ דִיר וִויעדֶער עֶרְשַׁיינֶען וֶועלִין זִיךְ דַיינֶע יְסוּרִים אָ"צְט אָנְהוֹיבִּין אוּנ קֵיין פְּרִיסְטֶער קֵיינֶע תְּשׁוּבָה וֶועט דִיר נִישְׁט הֶעלְפִין, דֶער שְׁלָאס וֶועט צוּשְׁטֶערְט וֶוערִין, דוּא וֶועסְט זַיין דֶער לֶעצְטֶער פוּן דַיין פַאמִילְיֶע. בַּייא דִיזֶע רֵייד אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען, בֵּיידֶע טוֹיטֶע זַיינֶען פֶערְשַׁארְט גֶעוָוארִין אִין דֶער עֶרְד, דֶער רִיטְטֶער הָאט זַיין רוֹיבְּגֶעשֶׁעפְט וַוייטֶער גֶעטְרִיעבֶּען, אוּנ הָאט זִיךְ פוּן דֶעם יוּדֶען אִין גַאנְצֶען פֶערְגֶעסִין, אִין דֶעם לֶעצְטֶען קְרַייצְצִיג 1) אִיז דֶער רִיטְטֶער האנז אוֹיךְ גֶעוֶועזִין, עֶר הָאט זַיין שְׁלָאס אנגעטרויט.

---

1) דֶער קְרַייצְצִיג אִיז גֶעוֶועזִין וָואס כְּרִיסְטֶען הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט גֶעהֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטִין מִיטִין טֶערְק אוּנ ירושלים בַּייא אִיהם צוּנֶעהמֶען, דְרַייא מָאל הָאבִּין זַייא אַזֶעלְכֶע מִלְחָמוֹת גֶעפִיהְרְט אוּנ בַּייא דִיזֶע דְרַייא מָאל הָאבִּין זַייא אוֹיךְ דִיא אִידִין גֶעשָׁאכְטֶען גֶע-מָארְדֶעט גֶערוֹיבְּט, דֶער עֶרְשְׁטֶער קְרַייצְצִיג אִיז בֶּעקַאנְט אוּנְטֶער גְזֵרַת תתנ"ו.

דאַמ"ל

אַנְגֶעטְרוֹיט זַיינֶעם אַ קַאמֶערַאד אונ עֶר הָאט אִיהם צוּ גֶעזָאגְט , עֶר זָאל דָאס זַיינִינֶע הִיטִין אַזוֹי וִויא זַיין אֵיינֶענֶע , דֶער רִיטְטֶער הָאט מוּטְהִיג גֶעשְׁטְרִיטִין גֶענִין דִיא טֶערְקִין , אונ אִיז גֶעווָארִין פֶערְוואוּנְדֶעט , זַיינֶע וואוּנְדֶע אִיז גֶעוֶועזִין גֶעפֶעהְרְלִיךְ, זַיינֶע וִוירְטִּסְ-לַייט וָואס זַיינֶען גֶעוֶועזִין אִידִין הָאבִּין אִיהם גֶע-פְלֶעגְט אונ אוֹיף אִיהם אַכְטוּנְג גֶענֶעבִּין אָהן אִינְ-טֶערֶעסֶע , בִּיז עֶר אִיז גֶעווָארִין בֶּעסֶער , אָבֶּער קוֹים הָאט עֶר זַיינֶע אוֹינֶען גֶעעֶפִינְט, הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַ שְׁרֶעקְלִיכִין יַאמֶערְגֶעשְׁרֵייא, דֶען דֶער עֶרְמָארְדֶעטֶער מַאן מִיט זַיינֶע טָאכְטֶער זַיינֶען בַּייַדֶע פַאר זַיין בֶּעט גֶעשְׁטַאנֶען , דֶער וִוירְט אִיז גֶעוֶועזִין אַ בְּרוּדֶער פוּן דֶעם עֶרְמָארְדֶעטִין , אונ עֶר מִיט זַיינֶע טָאכְטֶער הָאבִּין אַזוֹי אוֹיסְגֶעזֶעהֶען וִויא יֶענֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע וָואס זַיינֶען אוּמְגֶעקוּמֶען דוּרְךְ אִיהם, דֶען דוּרְךְ פְּרַאגֶען אונ עֶנְטְוָועְרִין אִיז דִיזֶע זַאךְ אִיהם קְלָאר גֶעוָוארִין, דֶער רִיטְטֶער אִיז מִיט צְווַייא בֶּעדִינְטֶע אוּמְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ הוֹיז , אָבֶּער וָואס הָאט עֶר גֶעטְרָאפִין אִין דֶער הַיים ? זַיין גוּטֶער פְּרַיינְד הָאט זַיינֶע דְרַייא קִינְדֶער פֶערְסַמְט , דֶעם שְׁלָאס פֶערְבְּרֶענְט אונ מִיט זַיין וַוייבּ אַנְטְלָאפֶען , עֶר הָאט זִיךְ אַ בּוּדְקֶע אוֹיפְגֶעבּוֹיט אונ דַארִין גֶעלֶעבְּט אָבֶּער עֶר הָאט קַיין מְנוּחָה נִישְׁט

 גֶעפוּנֶען

גֶעפוּנֶען אִין זַיין גַאנְצֶען לֶעבֶּען, נָאךְ אִיצְטֶער עֶרְשַׁייְנְט דֶער יוּדֶע מִיט זַיינֶע טָאכְטֶער דֶער גְרוֹיסֶער בְּרֵייטֶער הוּט אוֹיפִין קָאפּ, אִיךְ הָאבּ זֶעלְבְּסְט דִיא עֶרְשַׁיינוּנְג גֶעזֶעהֶען, אוּנ דָא נִישְׁט לַאנְג זַיינֶען גֶע־פִּיהרֶען נָאךְ דֶער שְׁטָאט בּוֹיעֶרְנִיוּנְגֶען צוּם מִילִיטֶער צוּ שְׁטֶעהֶען, הָאבִּין זִיךְ דִיא פֶּערְד אוֹיף דִיזֶעם אָרְט אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ הָאבִּין נִישְׁט גֶעוָואלְט וַוייטֶער גֶעהֶען, אוּנ דִיא רַייזֶענְדֶע הָאבֶּען דֶעם אַלְטִין מִיט זַיינֶע טָאכְטֶער גֶעזֶעהֶען לוֹיפֶענְדִיג, אָבֶּער נִישְׁט אַלֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען דִיא קְרַאפְט דֶעם יוּדֶען צוּ זֶעהֶען דֶען נָאר דְרַייא פוּן דִיא יוּנְגֶעם הָאבְּען דֶעם יוּדִין גֶעזֶעהֶען, דָאס פָּאלְק זָאגְט, דָאס דֶער מַאן הָאט דֶער פַּאר קַיין רוּהֶע נִישְׁט וַוייל עֶר אִיז נִישְׁט בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארִין וִויא אַלֶע מֶענְשֶׁען נָאךְ דֶעם מִנְהָג פוּן דִיא אִידִין. אַזוֹי הָאט דֶער קוֹילֶענְבְּרֶענֶער דֶערְצֵיילְט, אוּנ דִיזָע זַאגֶע הָאט יעקב'ן עֶרְצִיטֶערְט, זַייא זַיינֶען צוּרִיק גֶעגַאנְגֶען אוּנ זַיינֶען גֶעקוּמֶען פַאר דֶעם גְרוּנְד וואוּ דֶער אִיד אִיז גֶעוָוארִין בֶּעגְרָאבְּן, דָא אוֹיף דִיזֶען אָרְט רוּהֶען זַיא הָאט דֶער קוֹילֶענְ־בְּרֶענֶער גֶעווִיזֶען מִיט דֶעם פִינְגֶער אוּנ הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט אוֹיבּ דוּא הָאסְט קַיין מוֹרָא נִישְׁט בְּלֵייבּ דָא שְׁטֶעהְן אוֹיף אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק, אִיךְ בְּרוֹיךְ

דָא נִישְׁט וַייט עֶטְוָואס נָאכְצוּוָזעהן, דֶער קוילֶענְ־
בְּרֶענֶער אִיז אַוֶועק אוּנ יעקב אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ
הָאט גֶעבְּלִיקְט אוֹיף דֶעם אָנְגֶעצַייגְטֶען אָרְט, אוּנ
הָאט מִיט כַּוָנָה אוּנ מִיט אַנֵייגֶעדִיגֶע שְׁטִימֶע גֶע־
זָאגְט דֶעם קַדִיש, אוּנ פוּן דִיזֶען טָאג אָן פְלֶעגְט
יעקב אִימֶער פַאר בַּייא גֶעהֶענְדִיג פַאר בַּייא דִיזֶען
אָרְט קַדִיש זָאגֶען, אוּנ דֶער קוילֶענְבְּרֶענֶער הָאט
דֶעם שְׁפּוּק שׁוֹין נִישְׁט מֶעהר גֶעזֶעהן יָאהרֶענְלַאנְג.
יעקב אִיז מִיט דֶעם קוילֶענְבְּרֶענֶער נָאךְ הויז גֶע־
נַאנְגֶען, זַייא הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דֶעם בערלינער שְׁנָארְ־
כֶענְדִיג הָאט זִיךְ נֶעבֶּען אִיהם שְׁלָאפֶען גֶעלֶעגְט,
אָבֶּער עֶר הָאט לַאנְג נִישְׁט גֶעקֶענְט אַיין
שְׁלָאפִין, דִיא גֶעשִׁיכְטֶע מִיט דֶעם גֶעהַרְגֶעטִין אִידִין
הָאט זִיךְ אִיהם פַאר דִיא אוֹיגֶען גֶעשְׁטֶעלְט, יֶעצְט
אִין מִיטֶען נַאכְט אִיז עֶר אַיינְגֶעשְׁלָאפִין, אִין דֶער
פְרִיא זַיינֶען זַייא אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען יעקב מִיט דֶעם
בערלינער הָאבֶּען זִיךְ פְרַיינְדְלִיךְ אָבְּגֶעזֶעגִינְט אוּנ
זַיינֶען וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, אַלַאנְגֶע צַייט הָאבֶּען זַייא
נִישְׁט גֶערֶעט, יעקב אִיז נָאךְ גֶעוֶועזִין צוּ טְרָאגִין
פוּן דֶער גֶעשִׁיכְטֶע וָואס דֶער קוילֶענְבְּרֶענֶער הָאט
אִיהם עֶרְצֶעהלְט, זַייא זַיינֶען נָאךְ פַאר מִיטָאג אָנְ־
גֶעקוּמֶען אִין אַ דָארְף וואו אַ עֶדִילְמַאן הָאט גֶעוָואהנְט,

יעקב האָט אין דיזען דאָרף מיט דעם עדילמאַן
נישט געהאַנדעלט ווייל ער האָט שפּאַלצירט נעגען
דיא אידין, דארום איז ער געבליבען שטעהן ביים
פּאַרקאַן אונ דער בערלינער איז צו געגאַנגען צו דיא
הערשאַפט וואס זיינען געזעסין אין גאָרטין אונ
האָט זייא אָנגעבעטין עטוואס בייא איהם צו בע-
שטעלען, זייא האָבען בייא איהם עטוואס געקויפט,
אונ וויא דיא הויז פרויא האָט דער זעהען דעם
אידין שטעהענדיג פאר דעם פּאַרקאַן האָט זיא
איהם צו גערופען אונ האָט איהם אויך עטוואס צו
לייזין געגעבין, דער דינער האָט צו געטראָגען איין
טישיל פאר דיא צווייא פרעמדע אונ מען האָט זייא
מכבד געוועזין מיט א קיהלען טרונק, אַזוי זיצענדיג
איז אַריינגעקומען איין אויס געדינטער קאַפּיטאַן
זעהר איין פריינדליכער מענש אונ האָט זיך געזעצט
נעבען דיא הערשאַפט, אונ האָט אָנגעקוקט דיא
צווייא פרעמדע, אָבער פון יעקב האָט ער דיא
אויגען נישט אַראָב גענומען, דער נאָך האָט ער
איהם צו זיך צוגערופען, יעקב האָט זיך פאר איהם
געשטעלט וויא איין סאָלדאַט פאר זיין אָפּפיציר,
אונ דער קאַפּיטאַן האָט זיך אָבגערופען צו דער
געזעלשאַפט מיינע דאַמען, אפשר ווילט איהר וויסען

וָואס פַאר אַ שְׁטאַרְקֶען טְבִיעוּת ־עַיִן איך הָאבּ, וָועל איך אַייך דָא בַּאלְד בֶּעוַוייזֶען, זִיא זַיינֶען יוּדֶע, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוָועוְנְדֶעט צוּ יעקב, דִיא דַאמֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לַאכֶען, יעקב הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר מַאכְט אַיין שְׁפַּאס פוּן אִיהם אִיז עֶר גֶיוָוארֶין דַארִיבֶּער עֶרְצִירְנְט, אָבֶּער דֶער קַאפִּיטַאן הָאט אִיהם פְּרַיינְדְלִיךְ בַּיים אָרֶעם אָנְגֶענוּמֶען אוּנ הָאט צוּ דִיא דַאמֶען גֶעזָאגְט, אִיהר בְּרוֹיכְט נִיט צוּ לַאכֶען מַיינֶע דַאמֶען, עֶס אִיז אֱפִילוּ קֵיין קוּנְצְט נִישְׁט דִיזֶען מַאן צוּ עֶרְקֶענֶען אַז עֶר אִיז יוּדֶע, אָבֶּער דוּם אִיז פוּן דִיא וָועלְכֶען דַארִיבֶּער לַאכֶען וַוייל עֶר אִיז אַיין יוּדֶע, וִויא הֵייסִין זִיא הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט יעקב׳ן, יעקב הֵייסֶע אִיךְ אוּנ מַיין פַאמִילְיֶע נַאהמֶען ראזענבליטה.
נוּן גָאטְטְלָאבּ הָאט דֶער קַאפִּיטַאן אוֹיסְגֶערוּפִין, אִיךְ הָאבּ גֶעטְרָאפֶען, הָאבֶּען זִיא נִישְׁט אַ בְּרוּדֶער גֶעהַאט וָואס עֶר אִיז מִיט דִיא פְּרַאנְצוֹיזֶען נָאךְ רוּסְלַאנְד גֶעגַאנְגֶען אִין 1812, יַא מַיין הֶערר עֶר וַואר מַיין בְּרוּדֶער פוּן אַיין פָאטֶער אָבֶּער נִיט פוּן אַיינֶע מוּטֶער אוּנ הָאט גֶעהֵייסִין דוד ראזענבליט, מַיין בְּרוּדֶער אִיז אוֹיךְ נִישְׁט צוּרִיק גֶעקוּמֶען אוּנ מִיר הָאבִּין קֵיינֶע נַאכְרִיכְט פוּן אִיהם נִישְׁט גֶעהַאט.
דָאס גְלוֹיבּ אִיךְ הָאט דֶער קַאפִּיטַאן גֶעעֶנְטְפֶערְט,

ווייל איך האָב איהם אַלײן מִיט מַיינֶע אױגֶען גֶע־
זֶעהֶען פַאלֶען, דִיא סְצֶענֶע הָאט זִיך בַּאלְד גֶע־
עֶנְדֶערְט, דִיא הױז פְרױא הָאט אַיין װאוּנְק גֶעגֶעבִּין
דֶעם דינֶער עֶר זָאל אַיין שְׁטוּהל צוּרוּקֶען פַאר דֶעם
אִידִין, זִיא הָאט אַלײן אִיהם אַיין גְלָאז ווַיין אַנִידֶער
גֶעשְׁטֶעלְט אָבֶער עֶר הָאט זִיא בֶּעדַאנְקְט.

אַלְזָא אִיהר זַייט דֶער בְּרוּדֶער פוּן מַיין דוד
ראזענבליטה, דֶעם הֶעלְדֶענְמוּטְהִיגֶען יוּנְגֶע הָאט דֶער
קַאפִּיטַאן גֶעזָאגְט צוּ יעקב, אוּנ טְרֶערִין הָאבֶּען
זִיך גֶענָאסִין פוּן זַיינֶע אױגֶען, גֶעווִיס וֶועט אַייך
אִינְטֶערֶעסִירֶען צוּ ווִיסֶען וָואס מִיט אַייֶער בְּרוּדֶער
אִיז גֶעוֶועזֶן, פִּילְלֵייכְט ווִילִין זִיא מַיינֶע דַאמֶען אויך
צוּ הֶערִין דִיא גֶעשִׁיכְטֶע מִיט זַיין בְּרוּדֶער, דוד
ראזענבליטה אִיז גֶעוֶועזִין אַיין מְשָׁרֵת אִין אַיין
גֶעשֶׁעפְט אִין קאססעל, אָבֶער ווִיא דִיא מִלְחָמָה
אִיז אוֹיסְגֶעבְּרָאכִין הָאט עֶר לוּסְט בֶּעקוּמֶען אִין
מִילִיטֶער אַרַיין צוּ גֵיין אוּנ נָאך רוסלאנד צוּ גֶעהֶען,
עֶר הָאט גֶעדִינְט אִין מַיין רֶעגִימֶענְט, עֶר אִיז גֶע־
וֶועזִין אַיין שֵׁיינֶער בְּלִיהֶענְדֶער יוּנְגֶער מַאן נִיכְט
אָהן קֶענְטְנִיססֶע, הָאט אַ זֶעהר שֵׁיינֶע הַאנְדְשְׁרִיפְט
גֶעשְׁרִיעבֶּען, אויף מַיין פָארְשְׁלָאג אִיז עֶר אַוַואנְ־
זִירְט צוּם פֶעלְדְוֶועבִיל, עֶר הָאט עֶרְוָוארְבֶּען דִיא

ליעבּע אונ אַכטונג פון זַיינע פֿאַרגעזעצטע אויף דעם העכסטען גראד, אומזאָנסט האָבען זַיינע עלטערין זיך געבעטין בַּייא איהם ער זאָל נאָך הויזע צוריק קומען, אומזאָנסט האָב איך איהם צוגערעט ער זאָל פֿאָלגען זַיינע עלטערין, ער האָט נישט געוואָלט הערין אונ זעהען, אַ בְּשַׁעת מיר האָבען דורכגערייזט דורך זיין פֿאַטערשטאָדט זַיינען דיא עלטערין צו איהם אַרויס געקומען אונ מיט הייסע טרערין האָבען זיי זיך געבעטין בַּייא איהם ער זאָל אויף זייא רַחֲמָנוּת האָבען אונ צו הויז בּלַייבען; אָבער ער איז געוועזין פֿעסט אין זיין ענטשלוסס, אונ מיר האָבען געוואַנדערט נאָך סמאלענסק, מיט פֿעסטע טרַיישאַפט איז ער מיר פֿערבונדען געוועזין, אונ ער איז בּרייט געוועזין פֿאַר מיר דאָס לעבען מַקְרִיב צו זיין, וויא מיר זַיינען צוריק געלאָפען פון מאסקווע, האָט אַלע מאָל ראזענבליטה געוואוכט מיט פיל היטראָשץ אונ קלוגהייט וויא לעבענסמיטעל צו פֿערשאַפֿען אונ דאָך האָט ער אַליין געדאַרבט אונ האָט אַלץ מיר געבּראַכט וואָס ער האָט מיט גרויסע מיהע זיך פֿערשאַפט, אין דיא טרויעריגע שטונדען האָט ער מיר לוסטיג געמאַכט דורך זַיינע שיינע וויטצען, אין דער אָפּענער מִלְחָמָה מיט דיא רוססען

זיינען פון אונזער אַרמע פיל געפאַלען, דיא רוסישע
קאַרטאַטשען האָבען אונזערע פיל געטיידעט, אָבער
ראזענבליטה האָט זיין מוטה נישט פערלאָרען אונ
איז געשטאַנען קאַלטבלוטהיג אין דער גרעסטע
געפאַהר. אין ווילנא אָנגעקומען איז ער צום באַבינער
געגאַנגען, וועלכער האָט אונז אַ גוטע קוואַרטיר
פערשאַפט ביא אַיין אַלטען אידען, דורך איין יונגע
וועלכער איז גראַד דער ביא געוועזען, דיזער יונגע
האָט אַם אָנפאַנג קיין שטאַרקע לוסט געהאַט דער
צו האָט ראזענבליטה איהם זיין זייגער געשענקט
דאַס לעצטע אַנדענקען וואָס איהם איז געבליבען
פון זיין פאַטערלאַנד, אָבער אויך אין ווילנא האָבען
מיר לאַנג נישט געקענט בלייבען, דען דיא קאָזאַקען
זיינען געוועזען נישט ווייט פון ווילנא האָבען מיר
אונז אָנגעפאַנגען אַרויס צו רוקען פון דאָרט, ביא
דער גרענצע זיינען אונז דיא קאָזאַקען בעפאַלען,
מיר וואָלטען אַלע אויפגעריבען געוואָרין ווען עס
וואָלט צו אונז נישט געקומען שנעלע הילפע,
ראזענבליטה האָט אין דיזער שלאַכט זיין לעבען
פערלאָרען, ער האָט זיך טאַפּפער אָבגעוועהרט
געגען צוויא קאָזאַקען, איינעם פון דיא צוויא
האָט ער געשאָסען אָבער דער צווייטער האָט

 איהם

אִיהם מִיט דָער פִּיקֶע דורְכְגֶעשָׁאסֶען אונ אִיז גֶע-
פַאלֶען בַּייא מַיינֶער זַייטֶע , קוים הָאבֶּען מִיר נָאךְ
צַייט גֶעהַאט אִיהם אִין דִיא עֶרְדֶע צוּ בֶּעגְרָאבֶּען,
נָאךְ פִּיל מִיהֶע בִּין אִיךְ נָאךְ ווארשויא גֶעקוּמֶען ,
פוּן מַיינֶע קָאמְפַּאנֶיע אִיז נִישְׁט אֵיינֶער אִיבֶּער גֶע-
בְּלִיבֶּען, נָאךְ דֶעם סוֹף פוּן דֶער מִלְחָמָה הָאבּ אִיךְ
מִיךְ עֶרְקוּנְדִיגְט נָאךְ דודס עֶלְטֶערִין אָבֶּער אִיךְ הָאבֶּע
עֶרְפַאהרֶען דָאס זַייא זַיינֶען שׁוֹין בֵּיידֶע טוֹיט .

מֶען קֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען מִיט וֶועלְכֶע אוֹיפְ-
מֶערְקְזַאמְקַייט יעקב הָאט צוּגֶעהֶערְט דִיזֶע עֶרְצֶעהלוּנג,
אוֹיךְ אַלֶע צוּהֶערֶער זַיינֶען גֶעוָוארִין אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען
הָערֶענְדִיג דִיזֶע גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ דָער עדילמאן הָאט
גֶעהַייסֶען יעקב'ן עֶפֶּענֶען זַיין בִּינְדִיל אוּנ הָאט בַּייא
אִיהם פִּיעלֶע זַאכֶען גֶעקוֹיפְט , אַז יעקב מִיט זַיין
קַאמֶערַאד זַיינֶען שׁוֹין פוּן דָארְטֶען אַוֶועק גֶענַאנְגֶען
הָאט דָער קַאפִּיטַאן זַייא נָאךְ בֶּעלַייט אַ שְׁטִיק וֶועג,
אוּנ הָאט בַּיים אָבְּזֶעגְנֶען זִיךְ יעקב'ן דֶער לַאנְגְט
אִין דֶער הַאנְד אַיין גָאלְדֶענֶע מַטְבֵּעַ פוּן צְוַוייא
אִימְפֶּרֶעיַאלֶען , יעקב הָאט נִישְׁט גֶעוָואלְט צוּגֶעמֶען,
אָבֶּער דֶער קַאפִּיטַאן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט דַאמִיט
וֵויל אִיךְ נָאר מַיינֶע שׁוּלְד אָן אַייעֶר בְּרוּדֶער בֶּע-
צָאהלֶען פַאר דֶעם זַיינֶער וָואס עֶר הָאט גֶעשֶׁענְקְט

אין ווילנא פון מײנְטְװעגִין, דֶער בערלינער הָאט זיך פון איהם אָבְּגֶעשֵׁייד וַוייל עֶר איז אויף אַיין אַנְדֶער וועג גֶעגַאנְגֶען, יעקב הָאט זיך אויף אַיין שְׁטֵיין גֶעזֶעצְט אונ נָאכְמָאל נָאכְגֶעדַאכְט איבֶּער דיא גֶע־שִׁיכְטֶע וָואס דֶער קַאפִּיטַאן הָאט איהם עֶרְצֶעהלְט. „גְלִיקְלִיך בִּיזְטוּ" הָאט עֶר צוּ זיך גֶעזָאגְט אַזַא בְּרוּדֶער צוּ הָאבֶּען וויא דוד, אַך דוּא אַרְמֶער דוד, דַיינֶע בֵּיינֶער לִיגֶען אין רוּסְלַאנְדְס עֶרְדֶע אוּנ וַוייסְט גָאר, דָאס דָא זיצְט דַיין בְּרוּדֶער אויף אַיין שְׁטֵיין אוּנ בֶּעדוֹיעֶרְט דיך, אָבֶּער דוּא בִּיסְט גֶעפַאלֶען פַאר יִשְׂרָאֵל׳ס כָּבוֹד, זָאלִין דיא פֶעלְכֶער נִישְׁט זָאגֶען אַז אידִין טוֹיגֶען נָאר צוּם שַׁאכֶער, אידִין הָאבֶּען קַיין פָאטֶערְלַאנְד נִישְׁט, עֶס וֶועט נָאך קוּמֶען אַיין צַייט אין װעלְכֶע דַיין בְּלוּט וֶועט גוּטֶע פְּרוּכְט טְרָאגֶען, דָאס דַיינֶע בְּרִידֶער וֶועלִין אַנְדֶערְש אָנְ־גֶעזֶעהן וֶוערִין אין דיא אוֹיגֶען פון דיא אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער, עֶר הָאט אָבְּגֶעווִישְׁט זַיינֶע טְרֶערִין אוּנ איז וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען בּיז עֶר איז אין דיא שְׁטָאט גִיקוּמֶען.

## 6.

אין דיא שְׁטָאט ענגערליין הָאבֶּען נָאר דְרַייא אידִישֶׁע פַאמִילְיֶען גֶעוואָהנְט מִיט וֶועלְכֶע יעקב איז

 אין

אין פְרַיינְדְשַׁאפְט גֶעשְׁטַאנֶען, אין דיזֶען טָאג איז גֶעוועֶזין איין אויפְריהר אין שְׁטֶעטיל, דֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען צופַאל איז דָארְט פָארְגֶעפַאלֶען, איין אידישֶׁע פְרויא חנה קראצען הָאט זיך אין טַייך עֶרְטְרוּנְקֶען אוּנ אין דיזֶען טָאג הָאט מֶען זיא פון טַייך אַרוים גֶעצויגֶען, דיא אורזַאכֶע פון איהר עֶרְטְרינְקֶען איז אַזוֹא גֶע-וועֶזין, חנה איז גֶעוועֶזין איין בְּרַאוו אידישׁ מֵיידִיל אוּנ הָאט גֶעאַרְבַּייט שְׁנַיידֶערַייא, דָארְטִין איז גֶע-וועֶזין איין יונְגֶער מַאן איין אויסְלֶענְדֶער אַגוּטֶער בַּעַל מְלָאכָה, ווייל עֶר איז אָבֶּער גֶעוועֶזין אַיין אויסְלֶענְדֶער, הָאט דיא צֶעך נִישְׁט גֶעוואָלְט איהם יֶירְלוֹיבְּנִיס גֶעבֶּען עֶר זָאל פַאר זיך אַרְבֶּעטִין הָאט עֶר גֶעמוּזְט אַרְבַּייטִין בַּייא איין אַנְדֶערין, דיזֶע צְוַוייא יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זיך גֶעלִיבְּט גֶעוואַלְטִיג אוּנ הָאבֶּען בֵּיידֶע חֲתוּנָה גֶעהַאט׳, עֶר הָאט אויך אָנְגֶע-הויבִּין אוּנְגֶערְלוֹיבְּט פַאר זיך צוּ אַרְבַּייטִין אָבֶּער דיא קְרִיסְטְלִיכֶע אַרְבַּייטֶער הָאבֶּען איהם גֶעמַסֶרְט אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט פון דָארְט מַאכִין פְּלֵיטָה, אַם אָנְפַאנְג הָאט עֶר איהר בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ הָאט איהר צוּ גֶעזָאגְט אַז עֶר וועט זיא בַּאלְד אָבְּנֶעהמֶען אָבֶּער בִּיסְלַאך ווייס הָאט זיא אויפְגֶעהֶערְט צוּ קְרִיגֶען בְּרִיף פון איהם בִּיז וואנֶען זיא הָאט פון איהם גָאר נִישְׁט

גֶעהֶערְט, דָער פוּן אִיז זִיא מְשׁוּגָע גֶעוָוארִין אוּנ נַאכְהֶער הָאט זִיא זִיךְ אִין טַייךְ אַרַיין גֶעוָוארְפִין אוּנ אִיז עֶרְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארִין, פוּן אִיהר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַיין מֵיידִיל פוּן עֶטְלִיכֶע יָאהר, דָאס קִינְד הָאט גֶעבַּאךְ נִישְׁט גֶעוְואוּסְט וואוּ זִיךְ אַהִינְצוּטָאן, אָבֶּער גָאט שִׁיקְט אַלֶע מָאל דֶעם הֶעלְפֶער אִין דָער נוֹיט, דִיא פָּאלִיצַייא הָאט גֶעוָואלְט דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע עֶרְטְרוּנְקֶענֶע פַּאלְמֶעסִין, אָבֶּער יעקב הָאט בֶּערוּפֶען אַיין קָאמִיסְיָאן פוּן דָקְטוֹירִים וֶועלְכֶע הָאבֶּען אוֹיף גֶעוִויזִין אַז זִיא אִיז גֶעוֶועזִין מְשׁוּגָע הָאט מֶען אִיהר נִישְׁט גֶעפַּאלְמֶעסְט, יעקב אִיז גֶעוֶועזִין בַּייא דֶער קְבוּרָה, נַאכְהֶער הָאט עֶר דָאס קִינְד גֶענוּמֶען הָאט זִיא אַוֶועק גֶעפִיהרְט צוּ זַיינֶע אַיין בֶּעקַאנְטֶע וֶועלְכֶע זִיא אִיז אַמָאל זַיינֶע אַמְמֶע גֶעוֶועזִין אוּנ הָאט צוּ אִיהר גֶעזָאגְט, לִיבֶּע רבקה וִוילְסְטוּ מִיר טָאהן אַיין גֶעפֶעלִינְגְקַייט. דִיר יעקב'ל זָאל אִיךְ קַיינֶע גֶעפֶעלִינְגְקַייט נִישְׁט טָאהן, מַיין לֶעבֶּען וָואלְט אִיךְ פַאר דִיר אַוֶועק גֶעגֶעבִּין. אוֹיבּ אַזוֹי וִויל אִיךְ דִיךְ בֶּעטִין דוּא זָאלְסְט דָאס קִינְד צוּ זִיךְ גֶעהמֶען, זָאלְסְט אִיהר קִינְד בֶּעהַאנְדְלֶען אוּנ דֶער פַאר וֶועל אִיךְ דִיר צָאהלֶען 24 טְהָאלֶער אַ יָאהר, הִיער הָאסְטוּ שׁוֹין 12 טְהָאלֶער פַאר אַ הַאלְבּ יָאהר. דִיא פְרוֹיא הָאט גֶערִין אָנְ-

גענומען דאס געשעפט אונ יעקב האט צו זיך גע-
זאגט, היינט איז ביי מיר דער טייערסטער טאג
אין מיין לעבען, פריטאג פריא האט יעקב זיינע
ריינע געמאכט נאך הויזע, זאט פון דיא פערשידענע
צופעלע וואס איהם האט דיזע וואך בעגעגינט,
אבער איין אומעטיגקייט האט איהם ארומגענומען
אז ער האט זיך דערמאהנט אן זיין רייזעלען, וואס
טויג איהם אלע גליקען אז ער קען צו רייזעלען
נישט קומען, אין דארף זייענדיג האט ער זיינע
צרות פערגעסין אבער איצט אז ער קומט שוין
נאך הויזע האבען זיך זיינע זארגען ערנייערט, דער
פאר קומענדיג צום טייך וואו ער האט געברויכט
זיך אריבער צו שיפען האט איהם גאט א שמחה
צוגעשיקט, דען דער פירשט פון לאנד איז אריבער
געפארען פון יענער זייט טייך אהער אונ יעקב
האט איהם געקענט גוט אנקוקען, דען וועלכער איד
האט דאס פרייד נישט אנקוקענדיג דעם הערשער
פון זיין פאטערלאנד, אונ דער צו נאך א פרומער
איד וואס ער קען מאכין דיא ברכה געלויבט זאל
זיין גאט דער קעניג פון דער וועלט וואס ער האט
אבגעטהיילט פון זיין כבוד צו אמענשען. יעקב
האט זיך איבערגעשיפט איבער דעם טייך אונ איז

אַריין גֶעקוּמֶען אִין שְׁטָאט שוין שְׁפֶּעטְלַאךְ, עֶר הָאט זַיין וֶועג גֶענוּמֶען דוּרךְ דִיא גֶעסִיל וואוּ זַיין רייזעלע וָואהנְט, עֶר הָאט אִיהר הַיינְט גֶעוָואלְט גְרִיסֶען אוּנ זִיא פְּרֶעגִין וָואס זִיא מַאכְט, אָבֶּער וִויא עֶרשְׁרָאקֶען אִיז עֶר גֶעוָוארִין וִויא עֶר אִיז צוּ גֶעקוּמֶען צוּם שְׁטוּבּ אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען דָאס דִיא לָאדִינְס פוּן פֶענְצְטֶער זַיינֶען גָאר צוּ גֶעמַאכְט, עֶר הָאט גָאר נִישְׁט גֶע-וואוּסְט וָואס אִיבֶּער צוּ טְרַאכְטִין, עֶר הָאט גֶע-רֶעכִינְט אַז דִיא מוּ״ער מִיט דֶער מָאכְטֶער זַיינֶען פוּן שְׁטָאט אַוֶועק גֶעפָאהרֶען יֶעצְט אִיז זַיין בִּטָחוֹן אִין גַאנְצֶען גֶעוָוארִין צוּקְרָאכִין, וָואס נוּטְצִין אִיהם דִיא אַלֶע גְלִיקֶען וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט דִיזֶע וָואךְ וֶוען רייזעלע אִיז דָא נִישְׁטָא, זַיין גְלִיק זַיינֶע הָאפֶענוּנְג אִיז מִיט אֵיינְמָאל פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארִין, טְרוֹיעֶריג אוּנ פֶערְזָארְגְט אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען נָאךְ הוֹיזֶע אוּנ זַיין הַארְץ אִיז אִיהם גֶעוֶועזִין צוּבְּרָאכְן, אָבֶּער וִויא פֶערְוואוּנְדֶערְט אִיז עֶר גֶעוָוארִין וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין מוּטֶערְס וָואהנוּנְג אוּנ הָאט גֶעזֶעהן אַז דִיא שְׁטוּבּ אִיז הֶעל בֶּעלַייכְטֶעט, לִיכְט צוּ צִינְדֶען לְכָבוֹד שַׁבָּת אִיז נָאךְ צוּ פְרִיא גֶעוֶועזִין, אוּנ דִיא שַׁבָּת לִיכְט קֶענֶען אוֹיךְ נִישְׁט אַזַא לִיכְטִיגְקֵייט אוֹיס בְּרֵייטִן, עֶר אִיז שְׁנֶעל אַרוֹיף אוֹיף דִיא טְרֶעפּ,


דאס

דָאס פָארְצִימֶער אִיז גֶעווֶעזִין רֵיין גֶעזוֹיבֶּערְט, דֶער פוּסְבָּאדֶען גֶעשֵׁייעֶרְט אוּנ מִיט אַיין אַלְטֶע וָואלֶענֶע דֶעקֶע בֶּעלֶעגְט , עֶר אִיז אַרַיין ווַייטֶער אוּנ הָאט גֶעטְרָאפֶען דִיא מוּטֶער יוֹם טוֹבְדִיג אָנְגֶעטָאהן שְׁטֶעהֶענְדִיג בַּיים טִישׁ אוּנ פִיר גְרוֹיסֶע לִיכְטֶקֶערְצִין שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם טִישׁ , עֶר אִיז אִיהר אִין דִיא אַרְמֶען גֶעפַאלֶען אוּנ זִיא הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט זַייא ווִילְקוּמֶען מַיין זוּן אוּנ פוּן דִיא אוֹיגֶען זַיינֶען טְרֶערִין גֶעגַאנְגֶען , נָאךְ דֶער עֶרְשְׁטֶע בֶּעגְרִיסוּנְג הָאט עֶר דִיא מוּטֶער גֶעפְרֶעגְט דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן הַיינְטִיגֶער שִׂמְחָה , דִיא מוּטֶער אִיז שְׁטִיל צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּם צְווַייטִין צִימֶער הָאט גֶעעֶפִינְט דִיא טִיהר אוּנ הָאט אַרוֹיס גֶעפִיהרְט זַיינֶע גֶעלִיבְּטֶע רייזעלען פְּרֶעכְטִיג אִין פַיינֶע קְלֵיידֶער אָנְגֶעטָאהן אוּנ אִין דִיא שֵׁיינְהַייט פוּן דֶער יוּגֶענְד , נָאךְ אִיהר אִיז אַרוֹיס אִיהרֶע מוּטֶער , זַיין מוּטֶער הָאט רייזעלען צוּ אִיהם צוּ גֶע-פִיהרְט אוּנ הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט , אִיךְ בְּרֵיינְגֶע דִיר מַיין אֵיינְצִיגֶער זוּן דִיא גֶעלִיבְּטֶע פוּן דַיינֶעם הֶערְצֶען אוּנ דַיינֶע פוּן גָאט בֶּעשְׁטִימְטֶע כַּלָּה , אִיךְ בִּינְדֶע דִיר זִיא אָן דַיינֶע זֶעעֶלֶע . הַאלְט זִיא טְהַייעֶר ווִיא אַ קְלֵיינַאד , גָאטֶס פְרִידֶען זָאל זַיין מִיט אוּנְז .

וָוער קֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען דִיא אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג



אוּנ

און דיא פְרֵיידֶע פון אונזער יעקבן, פון אַזאַ גְלִיק האָט זיך איהם נאָר ניט געחָלֶמְט, רייזעלע האָט אויף איהם גֶעבְּלִיקְט מִיט אִינְנִיגְסְטֶע לִיעבֶּע, דאָס אִיז צופִיל שִׂמְחָה גֶעוָועזֶען פאר זיין הַארְץ, דוא וואונְדֶערְסְט דיך מיין זוהן אִיבֶּער אַזֶעלְכֶע אִיבֶּערְ־ רַאשׁוּנְג אָבֶּער איך וִויל זיא דיר עֶרְקְלֶעהרֶען, פון דֶעם אוּנְגֶעוְבְּלִיק וִויא אִיך הָאבּ בֶּעמֶערְקְט דֵיינֶע לִיבֶּע צוּא רייזעלען הָאבּ איך מִיך בֶּעשְׁלָאסֶען דֵיין וואוּנְשׁ צוּא עֶרְפִילֶען, נָאר אִיךְ הָאבּ דיך גֶעוָואלְט אָבְּהַאלְטֶען דוּא זָאלְסְט נִיט טָאן קֵיין זַאךְ מִיט אִיבֶּער אַיילוּנְג נָאר אַלְץ מִיט בֶּערֶעכֶענוּנְג, אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעמַאכְט פָארְשְׁטֶעלוּנְגֶען און דוּא הָאסְט אַיין גֶעוִוילִיגְט צוּא מֵיינֶע רֵייד אָבֶּער אִין שְׁטִילֶעם הָאבּ אִיךְ צוּא דֵיין גְלִיק גֶעאַרְבֶּעט, בֵּייא טָאג הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁפּוּנֶען צוּא דֵיינֶער אוּים שְׁטַאטוּנְג, און בֵּייא נַאכְט הָאבּ אִיךְ פַאר אַנְדֶערֶע גֶעאַרְבֶּעט כְּדֵי אִיךְ זָאל קֶענֶען בֶּעצָאהלֶען דִיא זֶעקְס און זֶעכְצִיג טְהָאלֶער אָן דֵיין בַּעַל חוֹב הערץ, אִין דִיזֶער וָואךְ הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעלְט שׁוֹין פוּל גֶעהַאט, הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעלְט אַוֶועק גֶעטְרָאגֶען צוּם הֶערְן הערץ, אָבֶּער הֶערר הערץ הָאט מִיךְ מִיט פֶערְוואוּנְדֶערוּנְג אָנְגֶעקוּקְט, וָואס אַייעֶר זוּן אִיז מִיר גֶעלְד שׁוּלְדִיג? אַייעֶר זוּהן אִיז

מִיר אַ גְרָאשְׁען נִיט שׁוּלְדִיג. לִיבֶּער הֶערר הערץ הָאבּ איך צוּא אִיהם גֶעזָאגְט, מַיין זוּהן פֶּערְשְׁטָעהט אוֹיךְ דִיא בִּיכֶער צוּא פִיהרֶען אוּנ אִין זַיינֶע בִּיכֶער שְׁטֶעהֶען אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ דָאס עֶר אִיז אַייךְ נָאךְ שׁוּלְדִיג זֶעכְּס אוּנ זֶעכְצִיג טְהָאלֶער. אָבֶּער וָואס גֶעהֶען מִיךְ אָן אַייעֶר זוּהנְס בִּיכֶער הָאט עֶר מִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּא רִיכְטֶען נָאךְ מַיינֶע בִּיכֶער אוּנ אִין מַיינֶע בִּיכֶער אִיז זַיין קָאנְטָא שׁוֹין לַאנְג אוֹיסְגֶעגְלִיכֶן, בְּשַׁעַת אִיךְ הָאבּ גֶעוואוּנֶען אִין לַאטֶערִיא הָאבּ אִיךְ נָאךְ גָאטֶעס גֶעבָּאט אַ צֶעהֶנְטִיל (מַעֲשֵׂר) צוּא טְהֵיילְט אַנְדֶערֶע, דָא הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ אַייעֶר בְּרַאוֶוען זָאהן זַיין קָאנְטָא קְרֶעדִיטִירְט, גֶעהמְט אַייעֶר גֶעלְט צוּרִיק", אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעלְט נִיט גֶעוָואלְט צוּא נֶעהמֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעוואוּסְט אַז דוּא וֶועסְט אוֹיף מִיר בֵּייז זַיין וֶוען אִיךְ זָאל אַזֶעלְבֶע גֶעשֶׁענְקֶע אָן נֶעהמֶען, אָבֶּער הֶערר הערץ אִיז צָארְנִיג אוֹיף מִיר גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט צוּא מִיר מִיט כַּעַס גֶעזָאגְט, הָאט אִיהר מִיר עֶפֶּעס צוּא בֶּעפֶעהלֶען? קֶען אִיךְ נִיט מַאכֶען מִיט מַיינֶע בִּיכֶער וִויא אִיךְ וִויל, אִיךְ הָאבּ יָאהרִינְגְלַאנְג מִיט אַייעֶר מַאן גֶעהַאנְדֶעלְט דֶער נָאךְ מִיט אַייעֶר זוּהן, אוּנ אִיךְ הָאבּ אָן זַייא אוֹיךְ גוּט פֶערְדִינְט דְרוּם קֶען אִיךְ מִיךְ אָן דִי פָּאר גְרָאשִׁין

דאס"ל אויך

אויך בּעגעהן, איך האב שוין ניט געקענט מעיז פּנים זיין אונ האב מיך בּייא איהם גוט בּעדאנקט, איך זעהע מיין זוהן אז דאס איז פון גאט כּדי דוא זאלסט קענען חתונה האבּן מיט רייזעלען, דען נאר איהרעט־וועגען איז דיא בּרכה געקומען אין אונזער הויז. יעקב האט אויך געמוזט איינוויליגען דער צוא דאס געשענק פון הערר הערין אנצונעהמען, דענן וועד קען זיך געהען אנהויבּען מיט אזא פירמא, ער האט געזעהען דיא פריידע אונ דאס פערגניגען אויף דיא געזיכטער פון אלעמן אבער ער האט געמוזט באלד זיך אבשיידען פון זייא דען עס איז שוין שפּעט געוועזען אונ אין שול האט מען שוין אנגעפאנגען מקבל שבת צוא זיין, ער איז געקומען אין שול האט דער חזן שוין געהאלטען לכה דודי, קום מיין פריינד געגען דיא כּלה, לאמיר זיא עמפּפאנגען מיט פריידע אלע. איהם איז אויסגעוויזען דאס דער גאנצער לכה דודי איז געשריבּען נאר צייגעטוועגען, צוריק קומענדיג נאך הויזע האבּען פיער שוואכע הענט אויפין קאפּ דיא בּרכה איהם געגעבּען, אונ דיא שיינע בּרויט האט איהם מיט אלע ליבּליכקייט געשטראהלט ענטגעגען, יעקב איז דער גליקליכסטער מענש געוועזען אין דיזעם שבת.

דאס״ל דיא

דיא גֶעשִׁיכְטֶע אִיז בַּאלְד בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען אִין דִיא אִידִישֶׁע גַאס דָאס יעקב הָאט חֲתוּנָה מִיט דֶער שֵׁיינֶע רייזעלע, יֶעדֶער הָאט זִיךְ דַארִיבֶּער גֶעפְרֵייט אוּנ הָאבֶּן דֶעם פָּאר גְלִיק גֶעוואוּנְשֶׁען, פִּילֶע הָאבֶּען זִיךְ אַיינְגֶעפוּנְדֶען שַׁבָּת בַּייא טָאג אִין יעקבס הויז אוּנ הָאבֶּען מַזָל טוב גֶעוואוּנְשֶׁען אוּנ דִיא מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטָאלְץ דַארוֹיף אַזוֹא פִּיל גוּטֶע פְרַיינְד צוּא הָאבֶּען, אוֹיךְ דִיא רַייכֶע מַאדַאם רבקה פְּרוּבְט, וָואס זִיא פְּלֶעגְט קֵיין מָאל אַ לֶעפֶּעל וַואסֶר גִיט טְרִינְקֶען אִין פְרֶעמְדֶען הויז הָאט בֶּעזוּכְט דִיזֶעס הויז אוּנ הָאט גֶעוִויזֶען דִיא גְרֶעסְטֶע פְרֵיידֶע, נָאךְ מִיטָאג אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען מִיט זַיין רייזעלע אַבִּיסִיל שְׁפַּאצִירִין אִין גָארְטֶן, אַלֶע הָאבֶּען דָאס גְלִיקְלִיכֶע פָּאאר נָאךְ גֶעקוּקְט אוּנ בֶּעוואוּנְדֶערְט, יעקב הָאט אִיהר עֶרְצֶעהלְט וָואס אִיהם הָאט אִין דִיזֶער גַאנְצֶע וָואכֶע פַּאסִירְט מִיט דֶעם נַייסְטְלִיכֶען מילך מִיט האנז מאטיאס, אוּנ פְּרִיץ קאפע, בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט עֶר אִיהר עֶרְצֶעהלְט דִיא רִיהרֶענְדֶע לַאגֶע פוּן דֶעם קִינְד וָואס דִיא מוּטֶער הָאט זִיךְ עֶרְטְרוּנְקֶען, אוּנ הָאבֶּען בֵּיידֶע בֶּעשְׁלָאסֶען דָאס נָאךְ זֵייעֶר חֲתוּנָה וֶועלֶען זֵייא דָאס קִינְד צוּא זִיךְ גֶעהֶמֶען אוּנ זִיא מְגַדֵל זַיין, אוֹיךְ הָאבֶּען זֵיי נָאךְ פִילֶעס גֶעשְׁפְּרָאכֶען מִיט אַיינְאַנְדֶער,

ער האט איהר ערצעהלט וויא אזוא דיא ערשטע ליבע צוא איהר האט אנגעהויבען זיך צוא בעוויינען בייא איהם, אונ וויא אונגליקליך האט ער זיך געשעצט אז ער האט צוא זיין וואונש ניט געקענט דער לאנגען, אבער נאך דאפפעלט גרעסער איז זיין שמחה אונ זיין גליק געוועזען אין דיזער גליקליכע וואכע, נאך פיר וואכען איז יעקב מיט רייזעלע געשטאנען אונטער דער חופה אונ אין דער שטאט איז געוועזען ששון ושמחה אונ דאס פאר האט גאנץ גליקליך געלעבט, יעקב איז א רייכער מאן געווארען א בעריהמטער קויפמאן, אונ רייזעלע איז געוועזען א זעלטענע הויז ווירטין אונ זייער נאמען איז נאך היינטע בעקאנט אין איהר וואונשטאט.

ע נ ד ע

